# די צוקונפט

## פון אַן

# אילוזיע

פון זיגמונד פרויד

---

איבערזעצט ביי

י. דאָדניק

# די צוקונפט פון אַן אילוזיע

## ערשטער קאַפּיטעל

ווען מען לעבט פאַר א לאַנגער צייט אין א ספּעציעלער קולטור און מען שטרעבט אָפט צו ענטדעקען דעם אורשפּרינג און דעם וועג פון איר ענטוויקלונג, פיהלט מען פאַראייננס די אָנרעגונג צו אומווענדען די אויפ־מערקזאַמקייט אין א צווייטער ריכטונג און פרעגען וואָס פאַר א ווייטערער שיקזאַל עס ערוואַרטעט דיזער קולטור און וואָס פאַר א פאַרוואַנדלונג זי איז פאַראורטיילט דורך צו מאַכען אין דער צוקונפט. אָבער מען געפינט גלייך אויס אַז דער ווערט פון אַזעלכער נאָכפאָרשונג איז באַשרענקט פון אָנפאַנג אָן איבער פאַרשידענע אורזאַכען. איבערהויפּט, איבער דעם פאַקט וואָס עס זיינען פאַראַן זעהר ווייניג לייטע וועלכע קאָנען באַאָבאַכ־טען מענשליכע טעטיגקייטען אין אַלע אירע צווייגען. די מערסטע לייטע זיינען געצוואונגען זיך צו באַגרעניצען צו אַן איינצעלנעם אָדער גאָר ווײ־ניגע ספּערען פון אינטערעס; אָבער וואָס ווייניגער א מענש ווייסט פון דער פאַרגאַנגענהייט און פון דער געגענוואַרט אַלץ אונזיכערער און ניט שטאַנדהאַפטיג וועט זיין זיין אורטייל וועגען דער צוקונפט. נאָכמער, עס איז געגוויע אין דער אַנגעלעגענהייט פון דיזען אורטייל דאָס די סוביעק־טיווע ערוואַרטונגען פון דעם אינדיווידיאום זאָלען שפּילען א טייל וועלכע איז שווער אָפּצושאַצען; ווייל עס איבערצייגט זיך צו זיין אָפּהענגיג פון ריינע פּערזענליכע פאַקטאָרען אין זיין אייגענער ערפאַהרונג, אויף זיין מער וועניגער האָפנונגספולער שטעלונג צום לעבען, לויט דעם טעמפּעראַ־מענט, ערפאָלג אָדער מיסערפאָלג, האָבען אים צו געשריבען. אין ענדליך מוז מען נעמען אין אַנבעטראַכט דעם וואונדערבאַרען פאַקט וואָס אין אַל־געמיין ערפאַהרען מענשען די געגענוואַרט גאַנץ נאַאיוו, אַזוי צו זאָגען, זיי זיינען ניט אימשטאַנד אָפּצושאַצען איר אינהאַלט; זיי מוזען צום ערשטען קוקען אויף איר פון דער ווייטענס, ד. ה. די געגענוואַרט מוז פריער ווערען א פאַרגאַנגענהייט איידער זיי קאָנען געווינען פון איר איי־ניגע נויטיגע פאַקטען מיט וועלכע זיי זאָלען זיך באַנוצען אין דעם מעס־טען פון דער צוקונפט.

און אַזוי דער וועלכער גיט זיך איבער זיינע נייגונגען אַרויס צו

ברייננגען א מיינונג אויף דער וואַרשיינליכער צוקונפט פון אונזער קולטור וועט טוען זעהר גוט ווען ער וועט זיך דערמאָנען אין די שוועריגקייטען וועלכע זיינען נאָר וואָס אָנגעצייגט, און גלייכערווייזע אין דער אומבאַוואוסטקייט וועלכע איז אין אַלגעמיין פארבונדען מיט יעדער נביאות זאָגען. עס קומט אַרויס דערפון דאָס אין א געאיילטען פליה פון אַזעלכער גרויסער אויפגאַבע זאָל איך אויסזוכען דעם קליינעם טראַקט טעריטאָרי צו וועלכען מיין אויפמערקזאַמקייט איז ביז אַהער געווען געריכטעט, ווי נאָר איך האָב דערקלערט זיין פּאָזיציע אין אַלגעמיין.

די מענשליכע קולטור — איך מיין מיט דעם אַלע יעניגע באַציהונגען, דורך וועלכע דאָס מענשליכע לעבען האָט זיך אַרויס געהויבען איבער די חיה'שע צושטענדע און דורך וועלכען עס אונטערשייד זיך פון דעם חיה'שען לעבען, און איך פאַראַכטע צו פאַנאַנדער טיילען די קולטור און די ציווילי־זאַציע־געגענוואַרטען, ווי זיי זיינען גוט באַוואוסט, אַלס צוויי אַנזיכטען צו דעם באַאָבאַכטער. זי שליסט איין אין איין זייט דאָס גאַנצע וויסען און מאַכט וועלכע די מענשען האָבען ערוואָרבען אין אָרדנונג זיי זאָלען זיין אימשטאַנד צו באַהערשען די כוחות פון דער נאַטור און צו עראָבערען פון איר די מיטלען צו באַפרידיגען די מענשליכע באַדערפּנישען; און אין דער צווייטער זייט שליסט זי איין אַלע נויטווענדיגע איינאָר־דנונגען דורך וועלכע די מענשליכע באַציהונגען איינער צום צווייטען, און באַזונדערס די פאַנאַנדערטיילונג פון די פאַרשיידענע עררייכטע נאַטור רייכטימער, זאָלען קענען רעגולירט ווערען. דיזע צוויי שטרעבונגען פון דער קולטור זיינען ניט אונאָפּהענגיג איינע פון דער צווייטער, ערשטענס, ווייל די געגענזייטיגע באַציהונגען פון די מענשען זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט ביי דער מאָס פון דער אינסטינקטועלער באַפרידיגונג וועלכע די עקזיסטירענדע מיטלען מאַכען מעגליך; צווייטענס, ווייל דער אינדי־ווידועל קאָן אַרויפנעמען אויף זיך זעלבסט די אייגענשאַפט פון א שטיק אייגענטום אין זיין באַציהונג צו א צווייטען אינדיווידועל, אַזוי ווייט ווי דער צווייטער נוצט אויס זיין פעהיגקייט פאַר אַרבייט אָדער ווײלט אים אויס פאַר זיין געשלעכטליכען געגענשטאַנד אָביעקט; און דריטענס, ווייל יעדער אינדיווידועל איז ווירקליך א פיינד פון דער קולטור, וועלכע איז פונדעסטוועגען אויגענשיינליך אַן אָביעקט פון אַלגעמיינער אַנגעלע־גענהייט. עס איז מערקווירדיג וואָס ווי ווייניג די מענשען זאָלען ניט זיין פעהיג צו עקזיסטירען אין איינזאַמקייט דאָך פיהלען זיי די אָפּפערונג וועלכע די קולטור ערוואַרטעט פון זיי בכדי צו מעגליך מאַכען א געזעל־

שאַפּטליכען עקזיסטענץ פאַר אַ שווערען יאָך. און דעריבער מוז זיך די קולטור באַשיצען געגען דעם אינדיווידועל, און איר אָרגאַניזאַציע, אירע אינסטיטוציעס און אירע געזעצען, זיינען אַלע געריכטעט צו דיזען צוועק; זיי ציעלען דאָס ניט נאָר ביי דעם איינריכטען די געוויסע פאַנאַנדערטיילונגען פון אייגענטום נאָר אויך ביי דעם אויפהאַלטען פון דיזע איינריכטונגען; אין פאַקט, זיי מוזען באַשיצען געגען די פיינדליכע נייגונגען פון דער מענשהייט יעדער זאַך וואָס האָט מיטגעהאָלפען צו דעם באַזיעגען פון דער נאַטור און צו דער באַשאַפונג פון רייכטום. מענשליכע באַשאַפונגען זיינען לייכט צו צושטערן, און די זעלבע וויסענשאַפט און טעכנישע געשיקטקייט וועלכע האָבען מיטגעהאָלפען אין זייער אויפבויען, קענען אויך ווערען אומגעווענדט פאַר זייער צושטערונג.

און אַזוי קריגט מען דעם אנדרוק אַז די קולטור איז עטוואָס אַזוינס וועלכעס איז געווען אַרויפגעצוואונגען אויף אַ געגענשטעלענדער מערהייט ביי אַ מינדערהייט וועלכע האָט פאַרשטאַנען ווי זיך צו באַפעסטיגען מיט די מיטלען פון מאַכט און צוואַנג. געוויינטלאַך, מען דאַרף דאָס פאַרשטעהן אַז דיזע שוועריגקייטען זיינען ניט קיין כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפטען פון דער קולטור זעלבסט, נאָר זיינען מיטבאַדינגונגען פאַראורזאַכט דורך די פעהלערהאַפטיקייטען פון די קולטורעלע פאָרמען וועלכע האָבען זיך אַזוי ווייט אַנטוויקעלט. געוויס, עס איז ניט שווער אָנצוצייגען דיזע פעהלערען. ווייל אין דער צייט ווען די מענשהייט האָט געמאַכט אַ גרויסען פאָרשריט אין דעם באַצווינגען פון דער נאַטור און קאָן אויך ערוואַרטען צו מאַכען פיעל גרעסערע פאָרשריטען, קאָן מען דאָך ניט אָנמערקען אַן עהנליכען פאָרשריט אין באַצוג פון מענשליכע אַנגעלעגענהייטען. און וואַרשיינליך האָבען זיך פיעלע מענשען אין יעדער פעריאָדע ווי אויך אַצינד געפרעגט אויב דאָס וואָס עס איז שוין ערוואָרבען דורך דער קולטור איז ווירקליך ווערט די מיה פון פאַרטיידיגונג. מען וואָלט געקאָנט דיינקען אַז אַ ריאָרגאַניזאַציע פון מענשליכע באַציהונגען זאָל זיין מעגליך, וועלכעס וואָלט דורך דעם פאַרלאָזן פון צוואַנג און אונטערדריקונג פון די אינסטינקטען אַוועק גענומען די אורזאַכען פאַר דער אונצופרידענהייט מיט דער קולטור, און אַזוי אַרום, ניט זייענדיג געשטערט ביי די אינערליכע קאָנפליקטען, וואָלטען זיך די מענשען מעהר איבערגעגעבען צו דער ערווערבונג פון די נאַטירליכע קוואַלען און צו געניסען פון זיי. דאָס וואָלט טאַקע זיין אַ גאָלדענע צייט, אָבער עס איז נאָך אַ פראַגע אויב אַזאַ צושטאַנד פון אַנגעלעגענהייטען זאָל זיך אַמאָל קענען

רעאַליזירען. עס זעהט אויס מעהר וואַרשיינליך דאָס יעדע קולטור מוז זיך אויפבויען אויף צוואַנג און אויף דער אונטערדריקונג פון די אינ־סטינקטען; עס שיינט אפילו צו זיין אונזיכער דאָס אָהן צוואַנג וואָלט זיך די מערהייט פון מענשליכע אינדיווידועלען גערן אונטערוואָרפען דער נויטוועגדיגער אַרבייט צו ערווערבען נייע מיטלען פאַר דעם לעבענס אונ־טערהאַלט. מען באַדאַרף, דיינק איך, זיך רעכענען מיט דעם פאַקט דאָס עס זיינען פאַראַן אין אַלע מענשען פיעל צושטערענדע, און דערצו אויך, נעגענגעזעלשאַפטליכע און געגענקולטורעלע נייגונגען, און ביי אַ גרויסער צאָל לייטע זיינען דיזע נייגונגען שטאַרק גענוג צו באַשטימען זייער אויפ־פיהרונג אין דער מענשליכער געזעלשאַפט.

דיזער פסיכאָלאָגישער פאַקט ווערט אַן אַנטשיידענדע וויכטיגקייט ווען מען בילד זיך אַן אָפּשאַצונג פון דער מענשליכער קולטור. מען האָט פון אָנפאַנג געדיינקט אַז די עסענץ פון דער קולטור ליגט אין דעם באַ־צווינגען פון דער נאַטור אום צו קריגען די מיטלען פאַר דעם לעבענס אונ־טערהאַלט, און אין דעם פאַרמיידען די געפאַהרען וועלכע דראָהען דער קולטור בעת דעם געהעריגען פאַרטיילען פון דיזע צווישען דער מענש־הייט, אָבער אצינד האָט זיך די וויכטיגקייט איבערגעטראָגען פון דער מאַטעריעלער אויפפאַסונג אויף דער פיזישער. די קריטישע פראַגע איז נאָר אויב און צו אַ וואָסערער מדרגה מען קאָן זיין ערפאָלגרייך; ערשטענס אין דעם פאַרמינדערען דעם יאָך פון די אינסטינקטועלע אָפּפערס וואָס זיינען אַרויפגעלייגט אויף די מענשען; צווייטענס, צו צוגוואוינען זיי צו די אונטערדריקונגען וועלכע וועלען נויטיג זיין צו פאַרבלייבען; און דריטענס, אין דעם באַלוינען זיי דערפאַר. עס איז אַזוי אוממעגליך אויס־צוקומען אָהן דעם רעגירען איבער די מאַסען דורך אַ מינאָריטעט ווי עס איז אוממעגליך אויסצוקומען אָהן צוואַנג אין דער אַרבייט פון דער ציווי־ליזאַציע, ווייל די מאַסען זיינען פויל און אונוויסענד, זיי האָבען ניט קיין ליבע צו די אינסטינקטועלע פאַרלייגנונגען, מען קאָן זיי ניט איבערציינגען אויף דער אונפאַרמיידליכקייט דערפון דורך אַרגומענטען, און די אינדי־ווידועלען שטיצען איינער דעם צווייטען מיט אַ פולער מאָס צו דער אומ־אָרדנונג, אומגעהאָרכזאַמקייט. עס איז נאָר דורך דעם איינפלוס פון אינדיווידועלען, וועלכע קאָנען געבען אַ ביישפיל, ווען די מאַסען אָנ־ערקענען פאַר זייערע פיהרער, קאָן מען זיי באַוועגען צו אונטערוואַרפען זיך צו די אַרבייטען און פאַרלייגנונגען פון וועלכע די עקזיסטענץ פון דער קול־טור איז אָפּהענגיג. אַלעס איז גוט ווען דיזע פיהרער אַליין זיינען לייטע

מיט אַ העכערען איינבליק אויף דעם וואָס שטעלט צוזאַמען די נויטווענ־דיגקייטען פון דעם לעבען, לייטע וועלכע האָבען עררייכט די הויכע מדרגה פון קענען באהערשען זייערע אייגענע אינסטינקטועלע פארלאנגען. אָבער עס איז פאראַן אַ געפאַהר, אַז אום זיי זאָלען ניט פארלירען זייער איינפלוס וועלען זיי נאָכגעבען צו די מאַסען מעהר וויפיל די מאַסען וועלען זיך זיי נאָכגעבען, און דעריבער זעהט דאָס אויס צו זיין נויטווענדיג, אַז זיי זאָלען אויך זיין אומאָפּהענגיג פון די מאַסען דורך דעם וואָס זיי וועלען באַזיצען אַזעלכע מיטלען דורך וועלכע זיי זאָלען קענען ארויפצווינגען זייער אויטאָריטעט. צו מאַכען דאָס קורץ, עס זיינען פאראַן צוויי גאַנץ פארשיידענע מענשליכע כאראַקטעריסטיקס וועלכע זיינען פאראַנטוואָרט־ליך פאַר דעם פאַקט וואָס די אָרגאַניזאַציע פון דער קולטור קאָן זיך אויפ־האַלטען נאָר דורך אַ געוויסער מאָס פון צוואַנג; דאָס מיינט צו זאָגען, אַז די מענשען זיינען פון דער נאַטור ניט זעהר פארליבט אין ארבייט, און אַז ארגומענטען וועלען ניט העלפען געגען זייערע ליידענשאַפטען.

איך ווייס וועלכע אויסזעצונגען עס וועלען געבראַכט ווערען געגען דיזע ארגומענטען. עס וועט געזאָגט ווערען אַז דער כאַראַקטער פון די מאַסען, וועלכער ווערט דאָ געשילדערט, וועלכער באַדאַרף איבערצייגען אַז מען קאָן זיך ניט באַגיין אָהן צוואַנג אין דער אַרבייט פון דער ציוויל־זאַציע, איז זעלבסט נאָר אַ רעזולטאַט פון דער פעהלערהאַפטער קולטור־רעלער אָרגאַניזאַציע, דורך וועלכער די מענשען זיינען געוואָרען פארבי־טערט, ראַכעלוסטיג און אונצוגענגליך. נייע דורות, פריינדליך דערצויגען און געלערנטע צו רעספּעקטירען דעם פארשטאַנד, וועלכע האָבען דער־פאַהרען די בענעפיטס פון דער קולטור אין די פריהע יאָרען פון דעם לעבען, וועלען האָבען אַ פארשיידענע שטעלונג געגען דעם; זיי וועלען דאָס פיהלען אַז עס איז זייער אייגענער באַזיץ, און וועלען זיין גרייט צו מאַכען פאַר איר דעם אָפּפער אין אַרבייט און אין אינסטינקטועלער פאַר־לייגנונג וואָס איז נויטיג פאַר דער אויפהאַלטונג פון דיזען באַזיץ. זיי וועלען זיין אימשטאַנד אויסצוקומען אָהן צוואַנג און וועלען זיך ווייניג אונטער־שיידען פון זייערע פירערס. אויב קיין קולטור האָט נאָך ביז איצט ניט באַוויזען צו פּראָדוצירען מענשליכע מאַסען פון אַזעלכער קוואַליטעט, איז דאָס צוליב דעם פאַקט וואָס קיין קולטור האָט נאָך ניט אַנטדעקט דעם פּלאַן וועלכער זאָל קאָנען באַאיינפלוסען די מענשען אויף אַזאַ וועג, און נאָך פון קינדווייז אָן.

מען קאָן צווייפלען אויב עס איז גאָר אין גאַנצען מעגליך, יעדען־

פאַלס גראַדע איצט, אין דער געגענוואַרטיגער מדרגה פון אונזער באַצווינ־גען די נאַטור, צו עטאַבלירען אַ קולטורעלע אָרגאַניזאַציע פון אַזאַ סאָרט; עס קאָן געפרעגט ווערען, פון וואַנען וועלען די גרויסע צאָל העכערע, אומ־אָפּהענגיגע און אונאייגענוציגע פירער, וועלכע וועלען דאַרפען עקטען אַלס דערציהער פון די צוקונפטיגע דורות, קומען; און מען קאָן דערשטוינט ווערען פון דער אומגעהויער גרויסער מאָס קראַפט וואָס וועט זיין אומ־פאַרמיידליך אויב מען וועט וועלען דורכפירען דיזע אַבזיכטען. אָבער מען קאָן ניט אָפּלייקענען די פּרעכטיגקייט פון דיזען פּראָיעקט און זיין וויכ־טיגקייט פאַר דער צוקונפט פון דער מענשליכער קולטור. דאָס איז גוט באַזירט אויף אַ שטיק פּסיכאָלאָגישען אָנבליק, אויף דעם פאַקט וואָס דער מענש אין אויסגעשטאַטעט מיט פאַרשיידענע אינסטינקטועלע פאַר־ברייטונגען, דער ענדליכער קורס פון וועלכען עס איז באַשטימט ביי די דערפאַרונגען פון דער פריער קינדהייט. אָבער די באַגריינצונגען פון דער מענשליכער פעהיגקייט פאַר בילדונג האָט אַוועק געשטעלט גרעניצען צו דער ווירקזאַמקייט פון אַזעלכער קולטורעלער אומבילדונג. מען קאָן פרעגען אויב און צו אַ וואָסערער שטופע עס וואָלט געווען מעגליך פאַר אַן אַנדער קולטורעלען יאָר־טויזענט אויסצומעקען די צוויי כאַראַקטעריס־טיקס פון די מענשליכע מאַסען וועלכע מאַכען די פירונג פון די מענשליכע אַנגעלעגענהייטען אַזוי שווער. דער עקספּערימענט איז נאָך דערוויילן ניט געמאַכט געוואָרען. וואַרשיינליך וועט אַ געוויסער פּראָצענט פון דער מענשהייט—צו פאַרדאַנקען אַ קרענקליכער פאַרבערייטונג אָדער דער צו גרויסער אינסטינקטועלער קראַפט—פאַרבלייבען אויף אַלע מאָל אַנטי־סאָציאַל, אָבער אויב עס וועט זיך נאָר איינגעבען צו פאַרקלענערען די מערהייט, וועלכע איז איצט פיינדליך צו דער קולטור, אויף אַ מינדער־הייט, וועט מען האָבען דורכגעפירט אַ גרויסע זאַך, ווירקליך אַלץ וואָס קאָן נאָר דורכגעפירט ווערען.

איך וואָלט ניט וועלען געבען דעם איינדרוק אַז איך האָב אַוועק גע־וואַנדערט ווייט אַוועק פון דעם ערוועלטען וועג פון מיין פאָרשונג. איך וועל דעריבער אויסדריקליך צו געבן אַז דאָס איז ווייט פון מיין אַבזיכט אָפּצושאַצען דעם ווערט פון דעם גרויסען עקספּערימענט וועלכער איז איצט אין פּראָגרעס אין דעם גרויסען לאַנד וועלכעס איז אויסגעשפּרייט צווישען אייראָפּע און אַזיע. ניט איך האָב דאָס ספּעציעלע וויסען און ניט די פיי־היגקייט צו אַנטשיידען פאַר זיין מעגליכקייט, צו פּרובירען די טויגליכ־קייט פון די אָנגענומענע מעטאָדען, אָדער צו מעסטען די ברייט פון דעם

אומפאַרמיידליכען אָבגרונד פון צווישען אבזיכט און אויספירונג. וואָס דאָרט קומט פאָר אין לויף פון דער פאָרבעררייטונג מיידט אויס די אונטער־זוכונג, פאַר וועלכען עס איז נאָך ניט פאַרטיג; פאַר דיזען שטעלט אונזער לאַנג פאַראייניגטע קולטור אונז צו דעם מאַטעריאַל.

## צווייטער קאַפיטעל

מיר האָבען זיך אונערוואַרטעט ארויס געגליטשט פון דער עקאָנאָמישער פלאַכע אריבער צו צו דער פסיכאָלאָגישער. צום ערשטען האָבען מיר געמאַכט אַ פאַרזוך צו זוכען דעם עסענץ פון דער קולטור אין די עקזיסטירענדע מאַטעריעלע קוואַלען און אין דער איינאָרדנונג פון זייער פאַנאַנדערטיילונג. אָבער מיט דער אַנטדעקונג אַז יעדע קולטור איז באַזירט אויף געצוואונגענער אַרבייט און אויף דער אינסטינקטועלער פאַרלייגנונג, און אַז צוליב דעם רופט דאָס אונפאַרמיידליך ארויס אַ געגנערשאַפט פון יענע וועלכע ווערען געטראָפען פון דיזע פאָדערונגען, איז געוואָרען קלאָר אַז די קוואַלען זעלבסט, די מיטלען דורך וועלכע מען קריגט זיי אין די איינאָרדנונג פון זייער פאַנאַנדערטיילונג, קאָן ניט זיין איר וויכטיגסטע און איינציגסטע כאַראַקטעריסטיק; ווייל זיי זיינען געדראָהעט ביי דעם רעבעלירען און ביי די צושטערענדע ליידענשאַפטען פון די מיטגלידער פון דער קולטור. און אַזוי זיינען נאָך פאַראַן אין צוגאָב צו די קוואַלען די מיטלען אויף צו פאַרטיידיגען די קולטור: די צוואַנג מיטלען און אויך אַנדערע מיטלען וועלכע זיינען געריכטעט צו פאַראייניגען די מענשען מיט איר און צו באַלוינען זיי פאַר זייערע אָפּפערס. און דיזע לעצטע קאָן מען באַצייכענען אַלץ די פּיזישע ספּערע פון דער קולטור.

צוליב גלייך־פאָרמיגער טערמינאָלאָגיע וועלען מיר באַצייכענען דעם פאַקט וואָס אַן אינסטינקט קאָן ניט באַפרידיגט ווערען אַלץ „פאַרניכטונג“, די מיטלען ביי וועלכע די פאַרניכטונג ווערט געזיכערט אַלץ— „פאַרבאָטונג“, און די צושטענדע וועלכע ווערען פּראָדוצירט פון דיזער פאַרבאָטונג אַלץ—„באַרויבונג“. דער נעקסטער שריט איז דאָן צו אונטערשיידען צווישען די באַרויבונגען וועלכע רירען אָן יעדערען און די וועלכע רירען ניט אָן יעדערען, זיי רירען בלויז אָן גרופּען, קלאַסען, אָדער זאָגאַר אינדיווידועלען. די ערשטע זיינען די עלטסטע; מיט די פאַרבאָטונגען וועלכע האָבען זיי פאַראורזאַכט האָט די קולטור אָנגעפאַנגען, ווער ווייסט מיט וויפיל טויזענטער יאָר צוריק, זיך אָפּצוטיילען פון די אור־

שפּרינגליכע חיה־שע צושטענדע פון דער מענשהייט. צו אונזער ערשטוי־נונג געפינען מיר אויס אז יענע חיה־שע צושטענדע זיינען נאָך אַלץ וויר־קענד, און זיי פאָרמירען נאָך אַלץ דעם קערן פון פיינדשאַפט צו דער קולטור. די אינסטינקטועלע באַגעהרען וועלכע ליידען אונטער זיי ווערען געבוירען אויפסניי מיט יעדען קינד; עס איז פאַראַן אַ קלאַס מענשען, די ניוראַטיקס, וועלכע ריעקטען שוין צו דער ערשטער גרופּע פון פאַרניכ־טונגען דורך אַן אַנטי־סאָציאַלער שטעלונג. אַזעלכע אינסטינקטועלע באַ־געהרען זיינען די פון גלוי עריות, מענשענפרעסעריי, און מערדעריי. עס זעהט אויס מאָדנע צו קלאַסיפיצירען דיזע, אין וועמעס פאַרשטויסונג עס זיינען איינשטימיג אַלע ווי איינע, מיט יענע אַנדערע וועגען וועמעס צו־לאַסונג אָדער ניט צולאַסונג צו אונזער קולטור עס איז נאָך פאַראַן אַ גרוי־סער שטרייט; אָבער פּסיכאָלאָגיש איז מען באַרעכטיגט אַזוי צו האַנד־לען. אויך איז ניט די שטעלונג פון דער קולטור צו דיזע עלטסטע אינ־סטינקטועלע פאַרלאַנגען די זעלבע אין יעדען פאַל; נאָר מענשענפרעסעריי אַליין זעהט אויס צו זיין פאַרדאַמט פון יעדען איינעם, און—חוץ ווי צו די אַנאַליטישע באַאָבאַכטער—גענצליך באַזיגט; די קראַפט פון די גלוי עריות פאַרלאַנגען קאָן נאָך אַלץ באַמערקט ווערען טראָץ די פאַרבאָ־טונגען; און אונטער געוויסע אומשטענדען ווערט מערדעריי נאָך גע־פּראַקטיצירט, ווירקליך מיט פאַרגעניגען, ביי אונזער קולטור. עס איז מעגליך אַז עס ענטשטעהט נאָך פאַר אונז קולטורעלע ענטוויקלונגען אין וועלכע נאָך אַנדערע תאוות, וועלכע זיינען איצט גענצליך ערלויבט, ווע־לען ערשיינען אַזוי ניט אַנגענעהם ווי איצט מענשענפרעסעריי.

שוין אין די גאָר ערשטע אינסטינקטועלע פאַרנייגונגען איז פאַר־וויקעלט אַ פּסיכאָלאָגישער פאַקטאָר, וועלכער בלייבט פון גרויס וויכטיג־קייט פאַר אַלעס וואָס פאָלגט. עס איז ניט אמת צו זאָגען אַז דער מענש־ליכער פאַרשטאַנד האָט ניט דורכגעמאַכט קיין אַנטוויקלונג זינט די פריה־סטע צייטען און אַז אין קאָנטראַסט צו די פאָרשריטען פון וויסענשאַפט און טעכנישער געשיקטקייט איז דעם מענשענס פאַרשטאַנד היינט דער זעלביגער ווי אין אָנפאַנג פון דער וועלט געשיכטע. מיר קאָנען דאָ אָנ־צייגען אויף איינעם פון דיזע פאָרשריטען. עס איז אין דער איבער־איינשטימונג מיט דעם קורס פון אונזער אַנטוויקלונג דאָס דער אויסער־ליכער צוואַנג איז גראַדנווייז פאַראינערליכט געוואָרען, און אַז אַ ספּעציעלע גייסטיגע פונקציע, דעם מענשענס איבער־באַוואוסטזיין, נעמט דאָס אונ־טער איר אויפפּאַסונג. יעדער קינד שטעלט אונז פאָר דעם מאָדעל פון

דיזער פאַרענדערונג; און נאָר אַדאַנק דיזע מיטלען ווערט דאָס אַ מאָראַ־לישער און געזעלשאַפטליכער וועזען. דיזע פאַרשטאַרקונג פון דעם איבער־באַוואוסטזיין איז אַ הויכגעשעצטער פּסיכאָלאָגישער באַזיץ פאַר דער קול־טור. יענע לייטע אין וועמען דאָס איז פאָרגעקומען, איז פון צו זיין פיינד צו דער קולטור, ווערען זיי אירע אונטערשטיצער. וואָס גרעסער זייער צאָל איז אין אַ קולטורעלער געמיינדע, אַלץ מער זיכערער איז זי און אַלץ לייכ־טער קאָן זי אויסקומען אָהן אויסערליכען צוואַנג. אָבער די שטופּע פון דיזען פאַראינערליכען אונטערשייד זיך זייער אין דעם פאַל פון יעדער אינסטינקטועלער פאַרבאָטונג. וואָס אָנבעלאַנגט די פריהסטע פאָדערונגען פון דער קולטור, וועלכע זיינען שוין דערמאָנט געוואָרען, איז דער פּראָצעס פון פאַראינערליכען זעהט אויס צו זיין ביז אַ גרויסער מאָס שוין דורכ־געפירט, ווען מיר זאָלען נאָר ארויסלאָזען פון דער רעכענונג די אומאַנ־גענעהמע אויסנאַמע פון די ניוראַטיקס.

אָבער דער פאַל איז אַנדערש ווען מיר קערען זיך אום צו די אַנדערע אינסטינקטועלע פאָדערונגען. מען קאָן באַמערקען מיט ערשטוינונג און אינטערעס דאָס אַ מערהייט פון די מענשען ווארפען זיך אונטער צו די פאַרלאַנגטע קולטורעלע פאַרבאָטונגען נאָר אונטער דעם דרוק פון אַן אויסערליכער קראַפט, אין פאַקט נאָר דאָרט ווי די לעצטע קאָן זיך אַליין פאַרטיידיגען און אַזוי לאַנג ווי זי איז אַ געגענשטאַנד פון מורא. דיזער כלל האַלט אויך אָן פאַר יענע אַזוי אָנגערופענע מאָראַלישע קולטורעלע פאָדערונגען, וועלכע מען קאָן אויף דעם זעלבען וועג אָנווענדען צו יעדען איינעם. די גרעסטע טייל פון דעם וואָס מען ערפאַהרט פון דער מענשליכער מאָראַלישער אומפאַרטרויליכקייט דאַרף דערקלערט ווערען אין דיזער פאַר־בינדונג. עס זיינען פאַראַן איינצעלנע ציוויליזירטע לייטע וועלכע וואָלטען דערשווידערט געוואָרען פאַר מאָרד אָדער גלוי עריות, און וועלכע וואָלטען דאָך זיך ניט אָפּגעהאַלטען פון צו באַפרידיגען זייער גייציגקייט, זייערע אַנגריפע און זייער געשלעכטליכען לוסט, און וועלכע האָבען ניט קיין געוויסענסביסע פאַר דעם שעדיגען אימיצען דורך זייער ליגען זאָגען, באַ־טרוג, און פאַרלוימדונג, אַזוי לאַנג ווי זיי בלייבען אומבאַשטראָפט פאַר דעם; און עס איז קיין צווייפעל ניט אז אַזוי איז אויך פאָרגעקומען פאַר פילע קולטורעלע עפּאָכען.

אויב מיר קערען זיך אום צו יענע באַגרייניצונגען וועלכע זיינען נאָר אָנגעווענדעט פאַר געוויסע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, טרעפען מיר אַ צושטאַנד פון זאַכען וועלכער איז אַזוי אויגענשיינליך אונפאַרשעמט און

איז דאָך אימער געווען אַנערקענט. עס איז צו דערוואַרטען אַז די פאַר־נאַכלעסיגסטע קלאַסען וועלען מקנא זיין די פּריוואַריטען פאַר זייערע פּרי־ווילעגיעס און זיי וועלען טוען אַלץ וואָס נאָר מעגליך אום צו באַפרייען זיך פון זייער גרויסער באַרויבונג. און דאָרט וואו דאָס איז אוממעגליך וועט אין דער קולטור הערשען אַ שטענדיגע מאָס פון אומצופרידענהייט, און דאָס קאָן פירען צו געפערליכע אויפשטאַנדען. אָבער ווען אַ קולטור איז נאָך ניט אַרויס פון דער שטופע אין וועלכער די באַפרידיגונג פון איין גרופּע פון אירע מיטגלידער רופט אַרויס די אומפאַרמיידליכע אונטער־דריקונג פון אַן אַנדער גרופּע, פיל־ייכט פון דער מערהייט גרופּע—און דאָס איז דער פאַל אין אַלע מאָדערנע קולטורען— איז דאָס פאַרשטענדליך, אַז דיזע אונטערדריקטע קלאַסען זאָלען אַנטוויקלען פיינדשאַפט צו דער קול־טור; אַ קולטור וועמעס עקזיסטענץ זיי מאַכען מעגליך דורך זייער אַר־בייט, אָבער פון וועמעס רייכטימער זיי באַקומען צו אַ קליינעם חלק. אונטער אַזעלכע אומשטענדען קאָן מען ניט דערוואַרטען צו טרעפען אַ פאַראינערליכונג פון די קולטורעלע פאַרבאָטונגען צווישען די אונטער־דריקטע קלאַסען; געוויס זיי זיינען זאָגאַר ניט פאַרבערייטעט צו אַנ־ערקענען דיזע קולטורעלע פאַרבאָטונגען, אָנגעשטרענגט, ווי זיי זיינען, אויף דער צושטערונג פון דער קולטור זעלבסט און פיל־ייכט זאָגאַר פון די השערות אויף וועלכע די קולטור שפּאַרט זיך אָן. דיזע קלאַסען זיינען אַזוי אָפענבאַר פיינדליך צו דער קולטור דאָס צוליב דעם האָט מען פאַר־זעהן די פאַרבאָרגענע פיינדשאַפט פון די בעסער באַזאָרגטע שיכטען. מען באַדאַרף דאָס גאָר ניט זאָגען, אַז אַ קולטור וועלכע לאָזט איבער אומ־צופרידען און טרייבט צו רעבעלירונג אַזאַ גרויסע צאָל פון אירע מיט־גלידער איז ניט זי האָט אַן אויסזיכט אויף אַ לאַנגען עקזיסטענץ און ניט זי איז באַרעכטיגט צו דעם.

ווי ווייט די קולטורעלע געזעצען האָבען זיך פאַראינערליכט—צו אויסדריקען דאָס איינפאַכער און ניט פּסיכאָלאָגיש: די מאָראַלישע שטופע פון די מיטגלידער—איז ניט די איינציגע פּסיכישע אייגענשאַפט וועלכע מען באַדאַרף נעמען אין אָנבעטראַכט ווען מען שאַצט אָפּ די ווערט פון דער קולטור. אין צוגאָב איז נאָך פאַראַן איר ירושה פון אידע־אַלען און קינסטלערישע שאַפונגען, דאָס מיינט צו זאָגען, די באַפרידיגונגען וועלכע זיי ביידע ברייגגען.

מען וועט זיין זעהר געניויגט צו איינשליסען צווישען די פּסיכישע באַזיצונגען פון אַ קולטור אירע אידעאַלען, דאָס איז, אירע אורטיילען פון

וואָס עס באַשטעהען אירע העכסטע און אמביציעזטע דורכפירונגען. עס זעהט אויס פון אָנפאַנג ווי דיזע אידעאַלען וואָלטען באַשטימט די דער־גרייכונגען פון דער קולטורעלער גרופּע; אָבער דער אַקטועלער פּראָצעס איבערצייגט גאָר אַז דיזע אידעאַלען זיינען מאָדעלירט לויט די ערשטע דערגרייכונגען וואָס די קאָאָפּעראַציע פון אינערליכער פעהיגקייט און אויסערליכע אומשטענדען האָבען מעגליך געמאַכט, און אַז איצט ווערען די ערשטע דערגרייכונגען שטאַרק אָנגעהאַלטען ביי דעם אידעאַל בלויז אַלץ מוסטורען אויף נאָכצופאָלגען. די באַפרידיגונג וואָס דער אידעאַל גיט צו די מיטגלידער פון דער קולטור איז אַלזאָ פון אַ נאַרסיסיסטישען* כאַ־ראַקטער, עס איז באַזירט אויף שטאָלץ אויף דעם וועגן וועלכן מ'האָט שוין דערפאָלגרייך עררייכט. אום צו מאַכען די באַפרידיגונג פולשטענדיג פאַרגלייכט זיך די קולטור זעלבסט צו אַנדערע וועלכע האָבען זיך אָפּגע־געבען צו אַנדערע אויפגאַבען און האָבען אַנטוויקעלט אַנדערע אידעאַלען. אויף דעם סמך פון דיזע פאַרשיידענהייטען פאָדערט פאַר זיך יעדע קול־טור דאָס רעכט צו פאַראַכטען די איבעריגע קולטורען. אין דיזען וועג ווערען קולטורעלע אידעאַלען סבות פאַר דער אונאייניגקייט און פיינד־שאַפט צווישען פאַרשיידענע קולטורעלע גרופּען, ווי מען קען דאָס אַמ־דייטליכסטען זעהען צווישען נאַציאָנען.

די נאַרסיסיסטישע באַפרידיגונג וואָס ווערט פאַרזאָרגט ביי דעם קול־טורעלען אידעאַל איז אויך איינע פון די כוחות וועלכע קאָנטראַ־עקטען אַזוי ווירקענד דער פיינדשאַפט צו דער קולטור אינערליך דער קולטורעלער גרופּע. דאָס קאָן געטיילט ווערען ניט נאָר ביי די פּריווילעגירטע קלאַסען וועלכע געניסען די בענעפיטען פון דיזער קולטור, נאָר אויך ביי די אונ־טערדריקטע, זינט דאָס רעכט צו פאַראַכטען יענע וועלכע באַלאַנגען ניט צו זייער גרופּע באַלוינט זיי פאַר די אומרעכטען פון וועלכע זיי ליידען אין זייער אייגענער גרופּע. אמת, מען איז אַ מיזעראַבעלער פּלעביאַן, געמאַטערט דורך פאַרפליכטונגען און מיליטער דינסט, דערפאַר אָבער איז מען אַ רוימישער בירגער, און מען נעמט אָן אַנטייל אין דער אויפגאַבע פון רעגירען אַנדערע נאַציאָנען און אין דעם דיקטירען פון זייערע געזעצען. דיזע אידענטיפיצירונג פון די אונטערדריקטע מיט דעם קלאַס וועלכער רעגירט און עקספּלאָאַטירט זיי איז, פונדעסטוועגן, נאָר אַ טייל פון אַ

---

*applied to the love of one's own personality, deeds and qualities; includes also outo-erotism.

גרעסערען גאַנצען. אזוי ארום קענען די ערשטע זיך אפעקטיש צובינדען צו די צווייטע; און טראָץ זייער פיינדשאַפט קאָנען זיי געפינען זייערע אידעאַלען אין זייערע מייסטערס. ווען עס זאָלען ניט עקזיסטירען אַזעלכע באַציהונגען, הויפּטזעכליך פון א באפרידיגענדען סאָרט, וואָלט געווען אומ־מעגליך צו פאַרשטעהן ווי אזוי עס האָט זיך איינגעגעבען צו אזוי פיעל קולטורען צו עקזיסטירען אזוי לאַנג טראָץ דער בארעכטיגטער פיינד־שאַפט פון די גרויסע מאַסען.

פאַרשיידענאַרטיג איז די באַפרידיגונג וואָס די קונסט גיט צו די מיט־גלידער פון א קולטורעלער גרופּע. אַלץ א כלל פאַרבלייבט די קונסט ניט צוגענגליך צו די מאַסען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט דער ערשעפּפענ־דער אַרבייט און וועלכע האָבען ניט גענאָסען די בענעפיטען פון אינדי־ווידועלער בילדונג. ווי עס איז אונז שוין פון לאַנג באַוואוסט, גיט די קונסט סובסטיטוט פאַרגיטיגונגען פאַר די עלטסטע קולטורעלע פאַרניי־נונגען, און וועלכע פיהלען זיך נאָך איבער אַזוי טיף, און פאַר יענער אורזאַכע דינט זי בעסער פון אַלץ צו אויסאיינען די מענשען צו די אָפּ־פערם וועלכע זיי האָבען געמאַכט צוליב דער קולטור. אין דער אַנדערער זייט, טוט די אַרבייט פון דער קונסט פאַרגרעסערען די געפיהלען פון אידענטיפיצירונג, וועלכע יעדע קולטורעלע גרופּע באַדאַרף אזוי נויטיג האָבען, אין דער געלעגענהייט פאַרזאָרגען זיי פאַר דער טיילונג פון די הויך געשעצטע עמאָציאָנעלע דערפאַהרונגען. און ווען זיי שטעלען מיט זיך פאָר די דערגרייכונגען פון א ספּעציעלער קולטור, און רופט זיי אזוי אַרום אין אַן איינדרוקספולען וועג צו אירע אידעאַלען, דינען זיי אויך אַלץ א נאַרסיסיסטישע באַפרידיגונג.

עס איז נאָך גאָר ניט דערמאָנט געוואָרען פון דעם וועלכעס איז פיליכט דער וויכטיגסטער טייל פון דעם פּסיכישען אינוועטאַר פון א קולטור: דאָס מיינט צו זאָגען, אירע—אין דעם ברייטסטען זינען—רעליגיעזע אידייען; אין אַנדערע ווערטער, דער געברויך פון וועלכען עס וועט שפּעטער גערעכטפערטיגט ווערען, אירע אילוזיעס.

## דריטער קאַפּיטעל

אין וואָס ליגט די זאָנדערבאַרע ווערט פון די רעליגיעזע אידייען?

מיר האָבען גערעדט פון דער פיינדשאַפט צו דער קולטור וואָס איז פּראָדוצירט דורך דעם דרוק וואָס זי איבט אויס און דורך אירע פאָדערונג־

גען פאַר אינסטינקטועלע פאַרניינונגען. ווען מען זאָל זיך פאָרשטעלען אַ שטאַנד אָהן פאַרבאָטונגען, דאַן וואָלט מען געקאָנט אויסקלייבען יעדער פרוי פאַר געשלעכטליכע צוועקען וועלכע וואָלט נאָר אריין אימי־צען אין פאַנטאַזיע, מען וואָלט געקאָנט הרג׳ענען אָהן צוריקהאַלט יעדען קאָנקורענט אָדער יעדערען מיט וועלכען מען קומט אין צוזאַמענשטויס אויף אַ וואָסערען עס איז אופן, און מען וואָלט קאָנען פאַרכאַפּען וואָס מען וואָלט וועלען פון אימיצען אַנדערש זאַכען אָהן יענעמס דערלויבניש; ווי גרויסאַרטיג, וואָס פאַר אַ פאָלגען פון פרייד וואָלט דאָס לעבען געווען! אמת, מען געפינט גלייך אויס די ערשטע שוועריגקייט: אימיצער אַנ־דערש האָט אויך פּינקטליך די זעלביגע פאַרלאַנגען, און וועט באַהאַנדלען דעם צווייטען ניט מיט מער אַכטונג ווי יענער באַהאַנדעלט אים. און אַזוי אַרום איז ווירקליך פאַראַן נאָר איין איינציגער פּערזאָן וועלכער קאָן געמאַכט ווערען אונבאַשרענקט גליקליך דורך דעם אָפּשאַפען פון די אַלע באַגריינצונגען וועלכע זיינען געווען אַרויף געלייגט ביי דער קולטור, און דאָס איז אַ טיראַן אָדער אַ דיקטאַטאָר וועלכער האָט מאָנאָפּאָליזירט אַלע מיטלען פון מאַכט; און זאָגאר ער האָט אויך יעדער אורזאַכע צו וועלען אַז אַלע אַנדערע זאָלען אַמווייניגסטענס אָנהאַלטען איין קולטורעלען גע־באָט: „דו זאָלסט ניט הרג׳ענען“.

אָבער ווי אונדאַנקבאַר, ווי קורצזיכטיג נאָכאַלעמען, צו שטרעבען פאַר דער אָפּשאַפונג פון דער קולטור! וואָס עס וואָלט דאַן געבליבען וואָלט געווען דער שטאַנד פון דער נאַטור, און דאָס איז נאָך פיעל ערגער צו דערטראָגען. עס איז אמת אַז די נאַטור פאַרלאַנגט ניט פון אונז צו אונטערדריקען אונזערע אינסטינקטען, זי לאָזט אונז טוען ווי אונז גע־פעלט; אָבער זי האָט איר אייגענעם זאָנדערבאַרען ווירקזאַמען וועג ווי אַזוי אונז צו באַשריינקען: זי צושטערט אונז גרויזאַם, קאַלט און האַרט, ווי עס זעהט אונז אויס און מעגליך גראַדע דורך דעם זעלביגען וואָס האָט אונז פאַרשאַפט פאַרגעניגען. עס איז געווען צוליב אָט די זעלביגע גע־פאַהרען מיט וועלכע די נאַטור סטראַשעט אונז, אָט דאָס וואָס מיר האָבען זיך אַלע פאַראייניגט און האָבען געמאַכט די קולטור, וועלכע, אחוץ אַנ־דערע זאַכען, האָט אויך די אויפגאַבע צו מאַכען מעגליך אונזער געמיינ־שאַפטליכע עקזיסטענץ. ווירקליך, עס איז די פּרינציפּיעלע אויפגאַבע פון דער קולטור, איר ווירקליכער raison d'etre צו פאַרטיידיגען אונז געגען דער נאַטור.

מען מוז מודה זיין אַז אין פילע הינזיכטען טוט זי דאָס שוין גאַנץ

ערטרעגליך, און עס איז קלאָר אַז מיט דער צייט וועט זי נאָך זיין פיל מעהר דערפאָלגרייך. אָבער קיינער איז ניט אונטער דער אילוזיע אַז די נאַטור איז שוין ביז איצט באַזיגט; זעהר ווייניג וואגען צו האָפען אַז די נאַטור וועט אַמאָל זיין אין גאַנצען אונטער דעם מענשענס קאָנטראָל: עס זיינען פאַראַן די עלעמענטען וועלכע זעהן אויס ווי צו מאַכען חוזק פון דעם גאַנצען מענשליכען קאָנטראָל: די ערד ציטערניש וועלכע שפּאַלט פאַנאַנדער די ערד און באַגראָבט דעם מענשען מיט זיין גאַנצער ארבייט; דאָס וואַסער, וועלכעס פאַרפלייצט און פאַרטרונקט אין ליאַרם אַלע זאַכען; דער שטורם, וועלכער טרייבט און פאַרניכטעט אַלץ אויף זיין וועג; עס זיינען פאַראַן קראַנקהייטען, וועלכע מיר האָבען ערשט ניט לאַנג אָנער־קענט אַלס די אַטאַקעס אויף אונז פון אַנדערע לעבעדיגע באַשעפעניששען; און ענדליך איז פאַראַן די שמערצליכע רעטעניש פון דעם טויט, פאַר וועלכען עס איז נאָך קיין שום היילמיטעל ניט אויסגעפונען געוואָרען, און עס וועט וואַרשיינליך קיינמאָל ניט אויסגעפינען ווערען. מיט דיזע כוחות וואַקסט פאַר אונז אויס די נאַטור, ערהאַבען, אומבאַרעמהערציג, אומ־ערביטליך; אַזוי ארום ברייננט זי נאָכאַמאָל צו אונזער געדאַנק אונזער שוואַכקייט און הילפלאָזיגקייט, אויף וועלכען מיר האָבען געדיינקט אַז די ארבייט פון דער ציוויליזאַציע האָט אונז שוין דערפון מציל געווען. עס איז איינע פון די ווייניגע ערהאַבענע און באַפרידיגענדע ספּעקטאַקלען וועלכע די מענשען קענען אָפּפערען, ווען אין דעם באַגעגענען פון אַן עלע־מענטען קאַטאַסטראָפע ערוואַכען זיי פון זייער צומישטקייט און פאַר־ווירונג, זיי פאַרגעסען אַלע זייערע אינערליכע שוועריגקייטען און פיינד־ליכקייטען, און געדיינקען בלויז די גרויסע אַלגעמיינע אויפגאַבע, דאָס פאַרהיטען פון דעם מענשליכען מין געגען דער אויבערמאַכט פון דער נאַטור.

פאַר דעם אינדיווידועל, ווי פאַר דער מענשהייט אין אַלגעמיין איז דאָס לעבען שווער צו דערטראָגען. די קולטור אין וועלכער ער נעמט אַ טייל לייגט ארויף אויף אים אַ געוויסע מאָס פון באַרויבונג, און אַנדערע מענשען פאַרשאַפען אים אַ געוויסען גראַד פון ליידען, זיי טוען דאָס אָדער צו להכעיס די געזעצען פון דיזער קולטור אָדער איבער אירע אומפאָל־קאָמענהייטען. גיב נאָך צו צו דעם די איבלען וואָס די אומבאַזיגטע נאַ־טור—ער רופט דאָס שיקזאַל—ברייננט אויף אים, וואָלט מען ערוואַרטעט אַז אַ פּערמאַנענטער צושטאַנד פון אַנגסטליכען צווייפעל און אַ גרויזאַמע אומגערעכטיגקייט צו זיין אייננגעבוירענעם נאַראַסיסיזם זאָל דער רעזול־

טאַט פון דיזען שטאַנד פון אַנגעלעגענהייטען. מיר ווייסען שוין ווי דער אינדיווידועל ריעקטעט צו די אומגערעכטיגקייטען וועלכע די קולטור און די מענשען לייגען אויף אים אַרויף: ער אַנטוויקעלט אַ געהעריגען גראַד פון ווידערשטאַנד און פון פיינדשאַפט געגען די אינסטיטוציעס פון דיזער קולטור, אָבער ווי אַזוי פאַרטיידיגט ער זיך געגען דער איבערמאַכט פון דער נאַטור, פון דעם שיקזאַל, וועלכע סטראַשעט אים ווי זי סטראַשעט אַלעם?

די קולטור באַפרייט אים פון דיזער אויפגאַבע: זי פירט דאָס דורך אויף דעם זעלבען וועג פאַר יעדען איינעם. (עס איז כדאַי צו באַמערקען אַז כמעט אַלע קולטורען זיינען דאָס זעלבע אין דיזען הינזיכט). זי שרייט ניט האַלט, ווי זי האָט דאָס געטון אין איר אויפגאַבע צו פאַרטיידיגען די מענשען געגען דער נאַטור; זי פאַרפאָלגט דאָס בלויז דורך אַנדערע מעטאָדען. דאָס איז אַ פאַרוויקעלטער ענין; די ערנסט געדראָהעטע מענשליכע זעלבסטווירדע פאַרלאַנגט אַ טרויסט, דאָס לעבען אין דער אוניווערס מוז באַפרייט ווערען פון זייערע שרעקען, און די צופעליגע מענשליכע נייגירדע, פאַרשטאַרקט, עס איז אמת, ביי די שטאַרקסטע פּראַקטישע מאָטיוען, פאָדערט אַן ענטפער.

מיט דעם ערשטען שריט, וועלכעס איז די פאַרמענשליכקייט פון דער נאַטור, איז שוין פיל געוואונען געוואָרען. קיין זאַך אָבער קאָן ניט געמאַכט ווערען פון די אונפערזענליכע כוחות אָדער שיקזאַלען; זיי בלייבען אייביג ווייט, אָבער אויב די עלעמענטען האָבען ליידענשאַפטען וואָס ברויזען ווי יענע אין אונזערע אייגענע נשמות, אויב דער טויט זעלבסט איז ניט עפּעס אַ פרייוויליגע זאַך, נאָר אַ גוואַלדיגער אַקט פון אַ שלעכטען ווילען, אויב איבעראַל אין דער נאַטור האָבען מיר אַרום זיך וועזענס וועלכע זיינען ענליך צו יענע פון אונזערע אייגענע אַרומיגע, דאַן קאָנען מיר ווירקליך פרייער אָפּאָטעמען, מיר קאָנען זיך פילען געזיכערט אין דעם אָנזעהן פון דעם איבערנאַטירליכען, און מיר קאָנען האַנדלען פּסיכיש מיט אונזער צאָרנדיגען אַנגסט. מיר זיינען נאָך פילייכט שוצלאָז, אָבער ניט מעהר הילפלאָז פאַראַליזירט; מיר קאָנען אַמווייניגסטענס ריעקטען; פילייכט ווירקליך זיינען מיר זאָגאַר ניט אַזוי שוצלאָז, מיר קאָנען זיך ווענדען צו די זעלבע מעטאָדען געגען דיזע שרעקליכע איבער־מענשען פון איבער אונז מיט וועלכע מיר באַנוצען זיך אין אונזער אייגענער געזעלשאַפט; מיר קאָנען פּרובירן זיי צו באַשווערען, זיי איבערבייטן, זיי אונטערקויפען, און אַזוי אַרום דורך דיזע איינפלוסען קאָנען מיר אַוועק רויבען אַ טייל פון זייער מאַכט.

אזא סובסטיטוט פון פסיכאָלאָגיע פאר נאטור וויסענשאפט פארזאָרגט ניט בלויז א באַלדיגע דערלייכטערונג, נאָר עס צייגט אויך אָן דעם וועג צו א וויטערער מייסטערשאפט פון דער סיטואציע.

ווייל דאָרט איז גאָר ניט ניי אין דיזער סיטואציע. עס האָט א קינ־דערשען פאָרבילד, און עס איז ווירקליך נאָר א פאָרטזעצונג פון דיזען. ווייל שוין איינמאָל פריער איז מען געווען אין אזא שטאנד פון הילפלאָ־זיגקייט: אַלס א קליין קינד און אין זיינע באציהונגען צו זיינע עלטערן. ווייל מען האָט געהאט אורזאכען צו מורא האָבען פאר זיי, ספּעציעל פאר דעם פאָטער, אָבוואָהל מען איז אין דער זעלבער צייט געווען זיכער אויף זיין באשיצונג געגען די געפארען פון וועלכע מען האָט דאַן געוואוסט. און אזוי איז דאָס געווען נאטירליך צו אסימילירען און פארבינדען די צוויי סיטואציעס. דאָ, אויך, ווי אין דעם חלום־לעבען, איז דער וואונש געקומען צו זיין דערפילונג. דער שלאפער איז פארכאפּט פון א פאָרגעפיל פון טויט, וועלכער זוכט אים אוועק צו טראָגען אין קבר. אָבער די טרוי־מען־ארבייט ווייסט ווי אויסצוקלייבען א צושטאנד וועלכער וועט אומ־וואנדלען זאָגאר דיזע שרעקליכע פאסירונג אין א וואונש־ערפילונג: דער בעל החלומות זעהט זיך זעלבסט אין א פארצייטיגסטען עטראָסקיי־נעם קבר, אין וועלכען ער האָט זיך אראָפּ געלאָזט, גליקלאך מיט דער באַ־פרידיגונג וואָס דאָס האָט געגעבען צו זיינע ארכעאָלאָגישע אינטערעסען. עהנליכערווייזע שטעלט זיך דער מענש פאָר די כוחות פון דער נאטור ניט איינפאך אין דער געשטאלט פון מענשען מיט וועמען ער קאָן זיך פאר־בינדען ווי מיט זיין גלייכען—דאָס וואָלט ניט בארעכטיגט דעם איבער־געוועלטיגטען איינדרוק וואָס זיי מאכען אויף אים—נאָר ער גיט זיי די כאראקטעריסטיקס פון דעם פאָטער, ער מאכט זיי פאר געטער, און דאַ־דורך פאָלגט ער נאָך ניט נור א קינדערשען, נאָר אויך, ווי איך האָב שוין פּרובירט צו באווייזען, א phylogenetic* פאָרבילד.

אין לויף פון דער צייט זיינען געמאכט געוואָרען די ערשטע באאָבאכ־טונגען פון געזעץ און אָרדנונג אין די נאטירליכע דערשיינונגען, און דער־מיט צוגלייך פארלירען די כוחות פון דער נאטור זייערע מענשליכע שטרי־כען. אָבער דעם מענשענס הילפלאָזיגקייט בלייבט איבער, און מיט דעם—זייער פאָטער־בייקשאפט און די געטער. די געטער האַלטען אָן זייער

*Phylogenetic, pertaining to the origin and development of a trait in the race or other biological division.

דרייפאַכע אויפגאַבע: זיי מוזען באַשווערען די שרעקען פון דער נאַטור, זיי מוזען ברייגנען אין האַרמאָני דאָס באַוואוסטזיין פון יעדען צו דער גרויזאַמקייט פון דעם שיקזאַל, באַזונדערס ווי עס איז באַוויזען געוואָרען אין דעם פאַל פון דעם טויט, און זיי מוזען פאַרגיטיגען פאַר די ליידען און באַרויבונגען וואָס דאָס געמיינשאַפטליכע לעבען פון דער קולטור האָט אַרויף געלייגט אויף דעם מענשען.

אָבער אינערליך אין דיזע איז פאַראַן אַ שטופענווייזע איבערעקונג פון דעם אַקצענט. עס איז באַאָבאַכטעט געוואָרען אַז די נאַטור ערשיי־נונגען אַנטוויקלען זיך פון זיך זעלבסט פון אַן אינערליכער נויטווענדיג־קייט; אָהן צווייפעל די געטער זיינען די לאָרדען פון דער נאַטור: זיי האָבען איר אַזוי אַראַנזשירט און איצט קאָנען זיי איר איבערלאָזען צו זיך זעלבסט. נאָר ביי אַ צופאַל, אין די אַזוי אָנגערופענע מיראַקעלס, מישען זיי זיך אַריין אין איר וועג, ווי צו פּראָטעסטירען אַז זיי האָבען גאָר ניט אָפּגעטראָטען פון זייער אָריגינאַלער ספערע פון מאַכט. און וואָס אָנבע־לאַנגט די אומענדערונגען פון דעם שיקזאַל, טוט אַן אונאַנגענעהמער פאַר־דאַכט פעסט באַשטעהן אַז די פאַרלעגענהייט און הילפלאָזיגקייט פון דער מענשליכער ראַסע קאָנען ניט געהיילט ווערען. אָט דאָ איז עס וואו די געטער זיינען אַממערסטען גענויגט אונז צו פאַרפעהלען; אויב זיי אַליין מאַכען דעם שיקזאַל, דאַן מוזען זייערע וועגען זיין פאַראורטיילט צו אומ־ערפאָרשליכקייט. די מערסט באַגאַבטע לייטע פון דער פאַרצייטיגסטער וועלט האָבען זיך נעבעלדיג משער געווען אַז העכער איבער די געטער שטעהט דער שיקזאַל און די געטער זעלבסט האָבען אויך זייערע שיקזאַלען. און וואָס מער זעלבסשטענדיג עס ווערט די נאַטור און וואָס מער די געטער ציען זיך צוריק פון איר, אַלץ מער ערנסטער זיינען אַלע ערוואַרטונגען קאָנ־צענטרירט אויף דער דריטער אויפגאַבע וועלכע איז באַשטימט פאַר זיי, און אַלץ מער ווערט די מאָראַליטעט זייער ווירקליכער דאָמיניאָן. עס ווערט איצט די באַשעפטיגונג פון די געטער צו פאַראַכטען די פיילערס און די שלעכטיגקייטען פון דער קולטור, אויפצופאַסען אויף די ליידען וואָס די מענשען זיינען גורם איינער דעם צווייטען אין זייער געמיינשאַפטליכען לעבען, און צו זעהן אַז די געזעצען פון דער קולטור, וועלכע די מענשען פאָל־גען אַזוי שלעכט, זאָלען דורכגעפירט ווערען. די געזעצען פון דער קולטור זעלבסט ווערען געפרעטענדירט צו זיין פון אַ הייליגען אָפּשטאַם, זיי ווע־רען דערהויבען צו אַ פּאָזיציע איבער דער מענשליכער געזעלשאַפט, און זיי זיינען פאַנאַנדער געשפּרייט איבער דער נאַטור און איבער דעם אוניווערס.

און אזוי האט זיך אויס געפורעמט א רייכע זאמלונג פון אידייען, געבוירען פון דער נויט צו מאכען דעם מענשענס הילפלאזיגקייט דערטרעגליך, און אויסגעבויעט פון דעם מאטעריאל וואס די ערינערונגען פון דער הילפלאזיגקייט פון זייער אייגענער קינדהייט און די קינדהייט פון דער מענשליכער ראסע האבען אים געגעבען. עס איז לייכט צו זעהן אז דיזע אידייען פראטעקטען דעם מענשען אין צוויי ריכטונגען; געגען די געפארען פון דער נאטור און שיקזאל, און געגען די שלעכטיגקייטען פון דער מענשליכער געזעלשאפט זעלבסט. דער באטרעף פון דעם איז דיזעס: דאס לעבען אויף דער וועלט דינט א העכערען צוועק; אמת, עס איז ניט לייכט צו טרעפען דעם כאראקטער פון דיזען צוועק, אבער געוויס ווערט בעדייטעט א פארפאלקאמענהייט פון דעם מענשליכען עקזיסטענץ. ווארשיינליך דער גייסטיגער טייל פון דעם מענשען, די נשמה, וועלכע האט אין לויף פון דער צייט אזוי לאנגזאם און ניט ווילענדיג זיך זעלבסט אפגעבונדען פון דעם קערפער, וועט זיין געאכטעט אלס דער געגענשטאנד פון דיזער ערהאבענהייט און באגייסטערונג. יעדע זאך וואס פאסירט אויף דער וועלט דריקט אוים די אבזיכטען פון אן אינטעליגענץ, העכער איבער אונז, וועלכע טוט אם ענדע, אבוואהל עס איז שווער נאכצופאלגען אירע פארשיידענע וועגען, איינארדנען יעדער זאך צו גוטען, דאס מיינט, פאר אונזער פארצוג. איבער יעדען איינעם פון אונז וואכט א וואוילטעטיגע, און נאר אויגענשיינליך א שטרענגע, השגחה, וועלכע וועט ניט דערלאזן מיר זאלען ווערען א שפילעכעל פון די גאנצע אונברחמנות דיגע כוחות פון דער נאטור; דער טויט אליין איז ניט פארניכטונג, איז ניט א צוריקקער צו דער אומארגאנישער לעבענסלאזיגקייט, נאר דער אנפאנג פון א נייעם מין עקזיסטענץ, וועלכער ליגט אויף דעם וועג פון אנטוויקלונג צו עפעס העכערס. און צו אומקערען זיך צו דער אנדערער זייט פון דער פראגע, די מאראלישע געזעצען וועלכע האבען אויסגעפורעמט אונזער קולטור, רעגירען אויך איבער דעם גאנצען אוניווערס, נאר זיי זיינען אויפגעהאלטען מיט אן אונפארגלייכבארער גרעסערער קראפט און באשטעהענדער הארמאני ביי אן אויבער־געריכטליכן הויז. אם ענדע ווערן אלע גוטע בעלוינט, און אלע שלעכטע באשטראפט, אויב ניט ווירקליך אין דיזען לעבען, דאן פאסירט דאס אין די וייטערדיגע עקזיסטענצען וואס פאנגען זיך אן נאכדעם טויט, און אזוי זיינען אלע די שרעקען, די ליידען און די שוועריגקייטען פון לעבען פאראורטיילט צו אפגעמעקט ווערען; דאס לעבען פון נאכ'ן טויט, וועלכעס זעצט פאר אונזער ערדישען עקזיסטענץ ווי דער אונזעהבארער טייל פון דער ספעקטרום קומט גלייך נאך דעם זעהבארען, ברייגנט די

גאַנצע פאָלקאָמענהייט, וועלכע מיר האָבען פיליכט דאָ פאַרפעהלט. און די העכערע חכמה וואָס דירעקטירט דיזע אויפפיהרונג, די העכסטע גוטס־קייט וועלכע ערקלערט זיך אַליין אַזוי אַרום, די גערעכטיגקייט וואָס דער־גרייכט אַזוי אַרום איר ציעל—דיזע זיינען די אייגענשאַפטען פון די הייליגע וועזענס וועלכע האָבען אויסגעפורעמט אונז און די וועלט אין אַל־געמיין; אָדער בעסער פון דעם איינציגען היילעגען וועזען אין וועלכען עס זיינען קאָנדענסירט, אין אונזער קולטור, אַלע פאַרצייטיגע געטער. די ראַסע וועמען עס האָט זיך צום ערשטען איינגעגעבען אַזוי צו קאָנצענ־טרירען די היילעגע אייגענשאַפטען איז געוועזען ניט וויניג שטאָלץ אויף דיזען פאָרשריט. זי האָט אַנטפלעקט דעם פאָטער קערן וועלכער איז אימער געלעגען פארבאַהאַלטען הינטער יעדער היילעגער פיגור; פונדאַ־מענטאַל איז דאָס געוועזען אַ צוריקקער צו די היסטאָרישע אנפאַנגע פון דער אידייע פון גאָט. איצט אַז גאָט איז געוועזען אַן איינציגער פערזאָן, האָבען די מענשליכע באַציהונגען צו אים געקענט ווידער באַקומען די פאַרטרוי־ליכקייט און אָנגעשטרענגטקייט פון דעם קינדס באַציהונג צו דעם פאָטער. אויב מען האָט געטאָן אַזוי פיל פאַר דעם פאָטער, דאַן געוויס וועט מען בעלוינט ווערען. — אַמווייניגסטענס דאָס נאָר באַליבטע קינד, דאָס אויס־דערוועלטע פאָלק וועט באַלוינט זיין. ניט לאַנג צוריק האָט די היילעגע אַמעריקע באַהויפטעט אַז אַמעריקע איז „גאָטס באַליבסטע פאָלק“, און פאַר איינע פון די פאָרמען אונטער וועלכע די מענשען דינען צו דער גאָט־הייט איז די פאָדערונג געוויס באַרעכטיגט.

די רעליגיעזע אידייען וועלכע זיינען נאָר וואָס סומערירט געוואָרען זיינען געוויינטלאַך דורכגעגאַנגען אַ לאַנגען פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, און זיינען געוועזען אָנגעהאַלטען אין פאַרשיידענע געשטאַלטען ביי פאַרשיי־דענע קולטורען. איך האָב אויסגעקליבען איינע אַזאַ פאַזע פון אַנטוויק־לונג, וועלכע קאָן מער אָדער וויניגער פאַרגלייכט ווערען צו דער לעצטער פאָרם פון אונזער היינטצייטיגער קריסטליכער קולטור אין דעם מערב. עס איז לייכט צו זעהן אַז ניט אַלע חלקים פון דיזען גאַנצען קענען זיך צופּאַסען איינער צום צווייטען, אַז ניט אַלע פראַגען וואָס פאָדערן דרינגליך אַן ענט־פער קריגען אים, און אַז די ווידערשפּרוכען פון טעגליכע דערפאַהרונגען קאָן מען נאָר מיט שוועריגקייטען אָפּ'פּטרן. אָבער אַזעלכע ווי זיי זיי־נען, דיזע אידייען—רעליגיעזע, אין ברייטסטען זינען פון וואָרט—זיינען זיי געשעצט אַלץ דער שעצבאַרסטער באַזיץ פון דער קולטור, אַלץ די ווערטפולסטע זאַך וואָס זי האָט צו געבען אירע מיטגלידער; פיעל מער

העכער געשעצט דען אַלע אונזערע מיטלען פאַר דעם געווינען די אוצרות פון דער ערד, צו פאַרזאָרגען די מענשען מיט לעבענס מיטלען, אָדער פאַר דער פאַרהיטונג פון קראַנקהייטען, און אַזוי ווייטער; די מענשען דיינקען אַז דאָס לעבען וואָלט זיין אומערטרעגליך ווען זיי וואָלטען ניט צוגעבען דיזע אידייען די וויכטיגקייט וואָס איז געפאָדערט פאַר זיי. און איצט וואַקסט אויס די פראַגע: וואָס זיינען דיזע אידייען אין דעם ליכט פון דער פסיכאָלאָגיע; פון וואַנען ציהען זיי די אַכטונג אין וועלכער זיי ווערען אָנגעהאַלטען; און ווייטער, אין אַלע מיסטרויען, וואָס איז זייער ווירקליכער ווערט?

## פערטער קאַפּיטעל

אַן אויספאָרשונג וואָס געהט אָן אומאונטערבראָכען, ווי אַ מאָנאָלאָג, איז ניט אינגאַנצען אָהן אירע געפאַרען. מען איז צו לייכט גענויגט אוועקצושטופען גערדאַנקען וואָס וואָלטען איר אונטערבראָכען, און אין אויסטויש בלייבט מען מיט אַ געפיל פון אונזיכערקייט וועלכען מען וועט אָם ענדע דערטרינקען דורך אַן איבער אַנטשיידענהייט. דעריבער וועל איך מיר פאָרשטעלען אַ געגנער, וועלכער פאָלגט נאָך מיינע ארגומענטען מיט אומצוטרויען, און איך וועל אים לאָזען אריינשטעלען באַמערקונגען דאָ און דאָרטען.

איך הער אים זאָגען: „דו האָסט אונצעליגע מאָל געברויכט די אויסדריקע „די קולטור באַשאַפט דיזע רעליגיעזע אידייען“, „די קולטור גיט זיי צו אירע מיטגלידער פאַר זייער אָנווענדונג“, וועלכעס קלינגט עפּעס מאָדנע צו מיר. איך קאָן אַליין ניט זאָגען פאַרוואָס, אָבער עס קלינגט ניט אַזוי נאַטירליך ווי צו זאָגען אַז די קולטור האָט געמאַכט רעגולאַציעס וועגען דער פאַרטיילונג די פּראָדוקטען פון אַרבייט, אָדער וועגען די רעכטען איבער פרויען און קינדער.“

איך דענק, פונדעסטוועגען, דאָס מען איז באַרעכטיגט אַזוי זיך אויסצודריקען. איך האָב געפּרואווט צו באַווייזען אַז די רעליגיעזע אידייען זיינען אַרויס געשפּרונגען פון די זעלבע באַדערפניסען ווי די אַלע אַנדערע עררייכונגען פון דער קולטור: פון דער נויטווענדיגקייט זיך צו באַשיצען געגען דער דריקענדער איבערמאַכט פון דער נאַטור. און דאָרט איז נאָך געווען אַ צווייטער מאָטיוו: דער שטאַרקער וואונש צו קאָרעקטען די שמערצליך פיהלענדע אומפּאָלקאָמענהייטען פון דער קולטור. נאָכמער,

דאָרט איז עפּעס באַזונדערס פּאַסענד אין דעם זאָגען אַז די קולטור גיט דעם אינדיווידועל דיזע אידייען, ווייל ער געפינט זיי גרייט, זיי זיינען איבער־געגעבען צו אים גרייט־געמאַכטע; ער וואָלט ניט זיין אימשטאַנד אַליין צו געפינען זיי. עס איז די ירושה פון פילע דורות אין וועלכער ער געהט דאָס אַריין און וועלכע ער נעמט איבער ווי ער נעמט איבער די כפל טאַבעלען, געאָמעטריע, און אַזוי ווייטער. עס איז געווים פאַראַן אַן אונטערשייד אין דיזען; אָבער דאָס ליגט ערגעץ אַנדערש, און איך קאָן דאָס ניט דער־קלערען ביי דיזען פּונקט. די פיהלונג פון מאָדנעקייט וואָס דו דערמאָנסט קאָן מען טיילווייז צו שרייבען צו דעם פאַקט וואָס דיזע זאַמלונג פון רעלי־גיעזע אידייען ווערט אין אַלגעמיין אָנגעבאָטען אַלס אַ הייליגע אַנט־פּלעקונג. אָבער דאָס אַליין איז דאָך אַ טייל פון דעם רעליגיעזען סיסטעם, און לאָזט גענצליך אַרוים פון דעם רעכענונג די באַוואוסטע הסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דיזע אידייען און זייערע פאַרענדערונגען אין די פאַרשיי־דענע צייטען און קולטורען.

„אַן אַנדער פּונקט וועלכער שיינט צו מיר נאָך מער וויכטיג. לויט דיר נאָך שטאַמט אָפּ דאָס פאַרמענשליכען פון דער נאַטור פון דעם וואונש צו מאַכען אַן ענדע צו דער מענשליכער פאַרלעגענהייט און פון דער נויט־ווענדיגקייט צו עטאַבלירען באַציהונגען מיט, און ענדליך צו באַאיינפלוסען, דיזע כוחות. אָבער דיזע דערקלערונג שיינט צו זיין איבערמעסיג. ווייל דער פּרימיטיווער מענש האָט קיין ברירה ניט, ער האָט קיין אַנדער וועג פון דיינקען. עס איז נאַטירליך צו אים, אַזוי ווי איינגעבוירען, צו פּראָ־יעקטירען זיין עקזיסטענץ אויסערליך אין דער וועלט אַריין, און צו אַכטען אַלע פּאַסירונגען וואָס קומען אונטער זיין באָאָבאַכטונג ווי די מאַניפעס־טאַציעס פון וועזענס וועלכע זיינען פונדאַמענטאַל עהנליך צו אים. עס איז זיין איינציגע מעטאָדע פון באַגרייפונג. און עס איז באַין אופן ניט אויגענשיינליך, אומגעקערט עס איז אַ מערקווירדיגער צוזאַמענטרעף, דאָס עס זאָל אים געלונגען צו באַפרידיגען איינע פון זיינע גרויסע באַדערפ־נישען דורך דעם איבערגעבען זיך זיין נאַטירליכער איינאָרדנונג.“

איך געפין דאָס גאָר ניט אַזוי איבעראַשענד. ווייל דיינקסטו אַז די מענשליכע געדאַנקען־פּראָצעסען האָבען ניט קיין פּראַקטישע מאָטיוועז, אַז זיי זיינען בלויז דער אויסדרוק פון אַן אומאייגעננוציגער נייגירדע? דאָס איז געווים זעהר אומוואַרשיינליך. איך גלויב גיכער, אַז ווען ער פערזאָניפיצירט די כוחות פון דער נאַטור פאָלגט דער מענש נאָכאַמאָל נאָך אַ קינדערשען פאָרבילד. ער האָט געלערענט פון די פּערזאָנען פון זיין

פריהעסטער אַנטוויקלונג אַז דער וועג ווי זיי צו באַאיינפלוסען איז צו עטאַבלירען באַציהונגען מיט זיי, און אַזוי, שפּעטער צו, מיט דעם זעלבען ציעל אין אַבזיכט, האַנדעלט ער מיט יעדער זאַך וואָס עס פּאַסירט צו אים ווי ער האָט געהאַנדעלט מיט יענע פּערזאָנען. און אַזוי טו איך ניט ווי־דערשפּרעכען דיין באַשריבענע באַאָבאַכטונג; עס איז, אין פונקט פון פאַקט, נאַטירליך צום מענשען צו פּערזאָניפיצירען יעדער זאַך וואָס ער ווינשט צו באַגרייפען, בכדי ער זאָל דאָס שפּעטער קאָנען קאָנטראָלירען —די פּסיכישע אונטעריאָכונג אַלס אַ פּאָרבאַרייטונג פאַר דער פיזישער— אָבער איך האַלט פאַרטיג אין צוגאָב אַ מאָטיוו און אַנטשטעהונג פאַר דיזער זאָנדערבאַרקייט פון דעם מענשליכען געדאַנק.

„און איצט נאָך אַ דריטער פונקט. דו האָסט שוין אַמאָל פריהער באַהאַנדעלט דעם אורשפּרינג פון רעליגיע, אין דיין בוך Totem and Tabu. אָבער דאָרט דערשיינט דאָס אין אַ פאַרשיידענעם געשטאַלט. יעדע זאַך איז די זון־פאָטער באַציהונג; גאָט איז דער ערהאַבענער פאָטער, און דאָס בייגקען נאָך דעם פאָטער איז דער שורש פאַר דער באַדערפעניש פון רעליגיע. זינט דאַן, שיינט, האָסטו ענטדעקט דעם פאַקטאָר פון מענש־ליכער שוואַכקייט און הילפלאָזיגקייט, צו וועלכען ווירקליך דער גרעסטער טייל פון דער פאָרמירונג פון דער רעליגיע ווערט געוויינטלאַך איבערגע־טראָגען, און איצט פיהרסטו איבער צו דער הילפלאָזיגקייט יעדער זאַך וואָס עס איז פריהער געווען פאָטער קאָמפּלעקס. מעג איך דיך פרעגען מיר אויפצוקלערען וועגען דיזער טראַנספאָרמאַציע?“

מיט פאַרגעניגען, איך האָב נאָר געוואַרט אויף דיזער איינלאַדונג. אָבער איז דאָס ווירקליך אַ טראַנספאָרמאַציע? אין „טאָטאַם אונד טאָבו“ איז ניט געווען מיין אַבזיכט צו דערקלערען דעם אורשפּרונג פון רעליגיע, נאָר פון טאָטעמיזם. קאָנסטו פון וועלכען עס איז דיר באַוואוסטען שטאַנד־פונקט דערקלערען דעם פאַקט וואָס די ערשטע פאָרם אין וועלכער דער גאָט באַשיצער האָט זיך אַנטפּלעקט צו די מענשען איז געווען די פאָרם פון אַ חיה, וואָס עס האָט עקזיסטירט אַ פאַרבאָטונג געגען דעם הרג'נען אָדער עסען דיזע חיה, און וואָס עס איז דאָך געווען אַ הייליגער מנהג צו הרג'נען און צו עסען דיזע חיה געמיינשאַפטליך איינמאָל אַ יאָהר? אָט דאָס פּינקטליך קומט פאָר אין טאָטעמיזם. און עס איז קוים צו דעם צוועק צו אַרגומענטירען אויב טאָטעמיזם זאָל אָנגערופען ווערען אַ רעליגיע. עס האָט אייניגע פאַרבינדונגען מיט די שפּעטערדיגע גאָט־רעליגיעס; די טאָ־טעם חיות ווערען די הייליגע חיות פון די געטער; און די פריעסטע, און

די גרינדליכסטע, מאָראַלישע פאַרבאָטונגען—די מאָרד פאַרבאָטונג און די גלוי עריות פאַרבאָטונג—שטאַמען אָפּ פון טאָטעמיזם. צו דו נעמסט אָן די בעשליסע פון „טאָטעם אונד טאַבאָ צו זיין, האָף איך אַז דו וועסט צו געבען אַז אין יענעם בוך זיינען אַ צאָל פון זעהר מערקווירדיגע אָפּ־געזונדערטע פאַקטען צוזאַמען געבראַכט אין אַ באַשטעהענדען גאַנצען.

פאַר וואָס האָט אַ חיה־גאָט בהמשך הזמן ניט באַפרידיגט און פאַר וואָס איז זי פאַרביטען געוואָרען פאַר אַ מענשליכען—דאָס איז קוים דיס־קוטירט געוואָרען אין „טאָטעם אונד טאַבו“, אויך אַנדערע פּראָבלעמען פון דער פאָרמירונג פון רעליגיע ווערען דאָרט אינגאַנצען ניט דערמאָנט. אָבער נעמסטו אָן אַזאַ באַגריינצונג צו זיין דאָס זעלבע וואָס אַן אָפּליי־קענונג? מיין ווערק איז אַ גוטער ביישפּיל פון דער שטרייגגער אָפּגע־זונדערטקייט פון דעם טייל וואָס די פּסיכאָאַנאַליטישע באָאָבאַכטונג קאָן ביישטייערען צו דעם פּראָבלעם פון רעליגיע. ווען איך פּרוביר איצט צו צוגעבען צו דעם דעם אַנדערען, ניט אַזוי טיף פאַרבאָרגענעם, טייל, זאָלסטו מיך ניט באַשולדיגען אין ווידערשפּרעכונג, פּונקט ווי איך בין פריהער געוועזן באַשולדיגט אין זיין איינזייטיג. עס איז געוויינטליך מיין ענין אָנצודייטען די באַהעפטענדע רינגען צווישען דעם וואָס איך האָב פריהער געזאָגט און וואָס איך האָב איצט אַרויסגעבראַכט, צווישען דער פאַרבאָר־גענער און דער עפענטליכער מאָטיווירונג, צווישען דעם פאָטער קאָמ־פּלעקס און דעם מענשענס הילפלאָזיגקייט און נויטווענדיגקייט פאַר באַ־שיצונג.

דיזע פאַרבינדונגען זיינען ניט שווער צו געפינען. זיי באַשטעהען אין דער באַציהונג פון דעם קינדס הילפלאָזיגקייט צו דער ערוואַקסענעמס פאָרטזעצונג פון דעם, אַזוי אַז, ווי עס איז געוועזן צו ערוואַרטען, די פּסי־כאָ־אַנאַליטישע מאָטיווירונג פון דער פאָרמירונג פון רעליגיע דרעהט זיך אום צו זיין דעם קינדס ביישטייערונג צו איר עפענטליכער מאָטיווירונג. לאָמיר פאָרשטעלען צו זיך אליין דאָס גייסטיגע לעבען פון דעם קליינעם קינד. דו געדיינקסט דעם געוועהלטען־אָביעקט לויט דעם אַנאַליטישען טיפּ, ווענען וועלכען די פּסיכאָ־אַנאַליז רעדט? די תאות הניאוף* פאָלגט די וועגען פון נאַרסיסיסטישע נויטווענדיגקייטען, און בינדט זיך זעלבסט צו צו די אָביעקטען וועלכע פאַרזיכערן זייער באַפרידיגונג. און אַזוי ווערט די מוטער, וועלכע שטילט דעם הונגער, דער ערשטער ליבע־אָביעקט, און

*In the English translation: The Libido, Sex Craving.

געווים אויך דער ערשטער באַשיצער געגען אַלע אומבאַשטימטע און סטראַשענדע געפאַרען פון דער אויסערער וועלט; ווערט, אויב מיר קאָנען דאָס אַזוי אויסדריקען, דער ערשטער באַשיצער געגען אַנגסט.

אין דיזער פונקציע ווערט די מוטער באַלד פאַרביטען ביי דעם שטאַרקערן פאָטער, און דיזער צושטאַנד האַלט אָן פון איצט אָן איבער דער גאַנצער קינדהייט. אָבער די באַציהונג צו דעם פאָטער איז אַפעקטעט ביי אַ זאָנדערבאַרער צווייִדייטיגקייט. ער איז געווען אַליין אַ געפאַר, פיליכט גראַדע איבער יענער פריערדיגער באַציהונג צו דער מוטער; דאַרום איז ער געפורכטעט ניט ווייניגער ווי מען ביינקט נאָך אים און מען באַוואונדערט אים. די אָנדייטונגען פון דיזער צווייִדייטיגקייט זיינען טיף איינגעקריצט אין אַלע רעליגיעס, ווי עס איז אַרויסגעבראַכט אין „טאָטעם אונד טאַבו". אַצינד ווען דאָס קינד וואַקסט אויס און געפינט אַז ער איז פאַראורטיילט צו פאַרבלייבען אַ קינד אויף אימער, און אַז ער קאָן קיינמאָל ניט אויסקומען אָהן באַשיצונג געגען די אונבאַוואוסטע און שטאַרקע כוחות, ער שליסט דיזע איין מיט די שטריכען פון דעם פאָטער־פיגור; באַשאַפט ער פאַר זיך די געטער, פאַר וועלכע ער האָט מורא, וועמען ער זוכט צו מאַכען גנעדיג, און צו וועמען ער פאַרטרויעט פונדעסטוועגען די אויפגאַבע אים צו באַשיצען. אַזוי אַרום איז די בייִנקונג־נאָך־דעם־פאָטער־דערקלערונג דאָס זעלביגע ווי די אַנדערע, די נויטווענדיגקייט פאַר באַשיצונג געגען די פאָלגען פון דער מענשליכער שוואַכקייט; דעם קינדס פאַרטיידיגונגס רעאַקציע צו זיין הילפלאָזיגקייט גיט די כאַראַקטעריסטישע שטריכען צו דער ערוואַקסענעמס רעאַקציע לויט זיין פאַרשטאַנד פון הילפלאָזיגקייט, ד. ה. דאָס פאָרמירען פון רעליגיע. אָבער עס איז ניט אונזער אַבזיכט נאָכצופאָלגען ווייטער די אַנטוויקלונג פון דער אידייע פון גאָט; מיר זיינען דאָ פאַראינטערעסירט מיט דער פאַרטיגער זאַמלונג פון די רעליגיעזע אידייען ווי די קולטור גיט זיי איבער צו דעם אינדיווידועל.

## פינפטער קאַפיטעל

יעצט צו אויפנעמען נאָכאַמאָל די פעדים פון אונזער פאָרשונג: וואָס איז די פסיכאָלאָגישע וויכטיגקייט פון די רעליגיעזע אידייען און ווי אַזוי קאָנען מיר זיי קלאַסיפיצירען? די פראַגע איז פון אָנפאַנג ניט זעהר לייכט צו ענטפערען. האָבענדיג צוריק געוואָרפען פאַרשיידענע פאָרמולעס, וועל

איך זיך אָפּשטעלען ביי דיזער איינער: די רעליגיע באַשטעהט פון גע־וויסע דאָגמעס, באַהויפּטונגען וועגען פאַקטען און אומשטענדען פון אויסערער (אָדער אינערליכער) ווירקליכקייט, וועלכע דערציילען אימיצען עטוואָס וואָס מען האָט אַליין ניט אַנטדעקט און וועלכע פאָדערן אַז מען זאָל אין זיי גלויבען. ווייל זיי געבען אונז אינפאָרמאַציע וועגען זאַכען וועלכע זיינען צו אונז די אינטערעסאַנטסטע און וויכטיגסטע אין לעבען, זיינען זיי באַזונדערס הויך געשעצט. דער, וועלכער ווייסט גאָר ניט פון זיי, איז ווירקליך אונוויסענד, און דער וועלכער האָט זיי אַסימילירט קאָן זיך באַטראַכטען באַרייכערט.

עס זיינען געוויינטליך פאַראַן פיעלע אַזעלכע דאָגמעס וועגען די פאַרשיידענסטע זאַכען פון דיזער וועלט. יעדער שול שטונדע איז פול מיט זיי. לאָמיר אויסקלייבען געאָגראַפיע. מיר הערען דאָרט: קאָנסטאַנץ איז אויף דער באָדענזעע, זינגט אויס אַ שילער, אויב דו גלויבסט ניט געה און זעה. מיר האָט זיך געטראָפען צו זיין דאָרט, און איך קאָן באַשטעטיגען דעם פאַקט אַז דיזע שעהנע שטאָדט ליגט אויף דעם ברעג פון אַ גרויסער שטרעקע וואַסער, וועלכע אַלע איינוואוינער פון אַרום רופען באָדענזעע. איך בין איצט פולשטענדיג איבערצייגט אין דער פונקטליכקייט פון דיזען געאָגראַפישן סטייטמענט. און אין דיזער פאַרבינדונג דערמאָן איך זיך פון אַן אַנדערער זעהר מערקווירדיגער דערפאַהרונג. איך בין שוין געווען אַ מאַן אין די צייטיגע יאָרען ווען איך בין צום ערשטען מאָל געשטאַנען אויף דעם באַרג פון אַטהענער אַקראָפּאָליס, צווישען די רואינען פון די טעמפּלען, אַרויסקוקענדיג אויף דעם בלויען ים. אַ געפיהל פון ערשטוי־נונג האָט זיך אויסגעמישט מיט די פון מיין פאַרגעניגען וועלכער האָט מיך געררייצט צו זאָגען: דאָן איז דאָס ווירקליך אמת, וואָס מען פלעגט אונז לערנען אין שולע! ווי אויבערפלעכליך און שוואַך האָט אין יענע צייטען געמוזט זיין מיין גלויבען אין דעם ווירקליכען אמת פון דעם וואָס איך האָב געהערט ווען איך קאָן היינט אַזוי דערשטוינט ווערען! אָבער איך וויל ניט צופיל עמפּאַסייזען די וויכטיגקייט פון דיזער דערפאַהרונג; דאָך איז מעגליך אַן אַנדער דערקלערונג פון מיין ערשטוינונג, וועלכע איז מיר דאַן ניט איינגעפאַלען, און וועלכעס איז אין גאַנצען פון אַ סוביעקטיווען נאַטור און איז פאַרבונדען מיט דעם זאָנדערבאַרען כאַראַקטער פון דעם פּלאַץ.

אַלע אַזעלכע דאָגמעס ווי דיזע, דאַן, פינקטליכער גלויבען אין זייער אינהאַלט, אָבער ניט אָהן דעם באַריכטיגען זייער טיטול צו דיזען. זיי באַהויפּטען אַז זיי זיינען דער קאָנדענסירטער רעזולטאַט פון אַ לאַנגען

פּראָצעס פון דיינקען, וועלכער איז באַגרינדעט אויף באָאָבאַכטונגען און אויך, געוויס, אויף דעם דיינקען; זיי וויזען ווי אַזוי, אויב מען באָאָבאַכ־טעט עס, מען קאָן אַליין דורכגעהן דיזען פּראָצעס, אַנשטאַט אָנצונעמען דעם רעזולטאַט דערפון; און דער שורש פון דעם וויסען וועלכער ווערט מיטגעטיילט ביי דער דאָגמאַ איז אימער בייגעלעגט, דאָרט ווי עס איז ניט, ווי מיט דעם געאָגראַפישען סטייטמענט, אויגענשיינליך. צום ביישפּיל: די ערד איז געפורמט ווי אַ קוגעל; די באַווייזע וועלכע ווערן אָנגעגעבען פאַר דעם זיינען „פאָוקאָלטס" עקספּערימענט פון דעם פּערפּענדיקעל, די פענאָמענאַ פון דעם האָריזאָנט און די מעגליכקייט פון אַרום רייזען די ערד. זינט דאָס איז אומפּראַקטיש, ווי אַלע באַגרייפען עס, צו שיקען יעדער שול קינד אויף אַ רייזע אַרום דער וועלט, איז מען צופרידען צו פאַרלאָזען זיך אויף דער שול לעהרע, אָבער מען ווייסט אַז דער וועג צו פּערזענליכער איבערצייגונג איז נאָך אָפען.

לאָמיר פּרובירען צו אָנווענדען די זעלבע פּראָבען צו די דאָגמעס פון רעליגיע. ווען מיר פרעגען אויף וואָס איז געגרינדעט זייער פאָדערונג געגלויבט צו ווערען, באַקומען מיר דריי ענטפערס, וועלכע האַרמאָנירען מערקווירדיג שלעכט איינער מיט דעם צווייטען. זיי פאַרדינען מען זאָל אין זיי גלויבען: ערשטענס, ווייל אונזערע ערשטע אור־עלטערן האָבען שוין געגלויבט אין זיי; צווייטענס, ווייל מיר באַזיצען באַווייזע, וועלכע זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו אונז פון דיזע זעלבע אַלטערטימליכע פעריאָדען; און דריטענס, ווייל עס איז אין גאַנצען פאַרבאָטען אויפצוהויבען די פראַגע פון זייער עכטהייט. אַמאָל איז אַזאַ געוואַגטער טאַט זעהר באַשטראָפט געוואָרען, און זאָגאַר היינט איז די געזעלשאַפט ניט גערן צו זעהן אימיצען דאָס צו באַנייען.

דיזער דריטער פּונקט מוז אַרויסרופען אונזער שטאַרקסטען פאַר־דאַכט. אַזאַ פאַרבאָטונג קאָן געוויס האָבען בלויז איין מאָטיוו: אַז די געזעלשאַפט ווייסט זעהר גוט דעם אומבאַשטעטיגטען גרונד פון דער פאָ־דערונג וואָס זי מאַכט פאַר אירע רעליגיעזע דאָקטרינען. וואָלט דאָס אַנדערש געווען, וואָלט מען זעהר גערן פאַרגעלייגט דעם באַטרעפענדען מאַטעריאַל פאַר דער אָנווענדונג צו יעדען איינעם וואָס וואָלט דאָס נאָך פאַרלאַנגען צוליב אייגענער איבערצייגונג. און אַזוי זעצען מיר פאָרט צו פּרובירען די אַנדערע צוויי אַרגומענטען מיט אַ געפיהל פון אומצוטרויען וועלכען מען קאָן ניט אַזוי לייכט איינשטילען. מיר האָבען באַדאַרפט גלויבען ווייל אונזערע אור־עלטערן האָבען געגלויבט. אָבער דיזע אור־

עלטערן אונזערע זיינען דאָך געווען נאָך פיל מער אומוויסענד ווי מיר; זיי האָבען געגלויבט אין זאַכען וועלכע מיר וואָלטען היינט בשום אופן ניט אָנגענומען; און אַזוי ערשיינט די מעגליכקייט אַז די רעליגיעזע דאָקטרינען קענען אויך זיין אין דיזער קאַטעגאָריע. די פּרואווען וועלכע זיי האָבען אונז איבער געלאָזט בירושה זיינען אריין געלייגט אין שרייבעכצען וועלכע טראָגען אליין אַלע שפּורען פון אומטרויסטווירדיקייט. זיי זיינען פול מיט ווידערשפּרעכונגען, רעוויזיעס און אריינשטעלונגען; דאָרט וואו זיי ריידען פון אַקטועלע עכטע פּרואווען זיינען זיי זעלבסט פון צווייפעל־האַפטער עכטהייט. עס עהלפט ניט פול ווען אַפּילו אַ הייליגע אַנטפּלע־קונג איז באַהויפּטעט צו זיין דער אורשפּרונג פון זייער טעקסט אָדער נאָר פון זייער אינהאַלט, ווייל דיזע באַהויפּטונג איז זעלבסט שוין אַ טייל פון יענע דאָקטרינען וועמעס עכטהייט דאַרף עקזאַמינירט ווערען. און קיין סטייטמענט קאָן טראָגען זיין אייגענע באַווייזע.

און אַזוי קומען מיר צו דעם איינציגען באַשלוס אַז גראַדע דאָס וואָס וואָלט געקאָנט זיין פאַר אונז פון דער גרעסטער וויכטיגקייט אין אונזער קולטורעלען סיסטעם, די אינפאָרמאַציע וועלכע זאָל לייזען פאַר אונז די רעטעניזשען פון דעם אוניווערס און וועלכע זאָלען אונז ברייגגען אין האַרמאָ־ניע מיט די פּלאָגען פון דעם לעבען, אַז גראַדע דיזעס האָט די שוואַכסטע מעגליכע פאָדערונג פאַר עכטהייט. מיר זאָלען ניט זיין פעהיג אָנצונעמען פאַר באַווייזע יעדער זאַך וואָס איז פון קליינעם אינטערעס צו אונז ווי דער פאַקט אַז וואַלפיש געבוירען זייערע קינדער אַנשטאַט לייגען אייער, אויב עס איז ניט מעגליך צו ברייגגען בעסערע באַווייזע ווי דיזע.

דיזער שטאַנד פון זאַכען איז אַן און פאַר זיך אַ זייער מערקווירדיגער פּסיכאָלאָגישער פּראָבלעם. זאָל קיינער ניט דיינקען אַז די ביז איצטיגע באַמערקונגען וועגען דער אוממעגליכקייט צו פּרואווען די רעליגיעזע דאָקטרינען ענטהאַלטען עטוואָס נייעס. עס האָט זיך געפילט אין אַלע צייטען, זיכער אַפּילו ביי די אור־עלטערן וועלכע האָבען אונז איבער גע־לאָזט דיזע צוואה. וואַרשיינליך האָבען זיך פיל פון זיי ארומגעטראָגען מיט די זעלבע ספקות ווי מיר, אָבער דער דרוק וואָס איז געווען ארויפּ־געלייגט אויף זיי איז געווען צו שטאַרק פאַר זיי צו האָבען געוואַגט ארויס רעדען זיי. און זינט דאַן זיינען שוין אומצעליגע מענשען געווען געמאַ־טערט ביי די זעלבע ספקות, וועלכע זיי וואָלטען גערן אונטערדריקט ווייל זיי האָבען זיך געהאַלטען פאַרפליכטעט צו גלויבען, און זינט דאַן זיינען

פיל ברילאַנטענע אינטעלעקטען צובראָכען געוואָרען אויף דיזען קאָנפליקט און פילע כאַראַקטערען זיינען צו שמערץ געקומען איבער די קאָמפּראָמיסען דורך וועלכע זיי האָבען געזוכט אַן אויסוועג.

אויב די אַלע אַרגומענטען וועלכע זיינען פאָרגעבראַכט פאַר דער עכטהייט פון די רעליגיעזע דאָקטרינען שטאַמען אָפּ פון דער פאַרגאַנגענ־הייט, איז דאָס נאַטירליך מען זאָל זיך אַרום קוקען און זעהן אויב די געגענ־וואַרט, וועלכע איז בעסער פעהיג צו אורטיילען וועגען דיזע אַנגעלעגענ־הייטען קאָן אויך ניט צושטעלען אַזעלכע באַווייזע. דער גאַנצער רעלי־גיעזער סיסטעם וואָלט ווערען אונענדליך מער גלויבענסווירדיג ווען עס זאָל זיך איינגעבען דורך דיזען וועג אַראָפּ צו נעמען דעם עלעמענט פון צווייפעל כאָטש פון אַ טייל פון אים. עס איז ביי דיזען פּונקט ווי די אַקטיוויטעט פון די ספּיריטואַליסטען קומט אַריין; זיי זיינען איבערצייגט אין דער אונשטערבליכקייט פון דער אינדיווידועלער נשמה, און זיי וואָלטען דעמאָנסטרירען צו אונז אַז דיזער איינער אַרטיקעל פון דער רעליגיעזער לערע איז פריי פון צווייפעל. אונגליקליכערווייזע האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען אָפּ צו לייקענען דעם פאַקט אַז די דערשיינונגען און די שפּרעכונגען פון זייערע גייסטער זיינען בלויז די פּראָדוקטען פון זייער אייגענער גייסטיגער אַקטיוויטעט. זיי האָבען אַרויס גערופען די גייס־טער פון די גרעסטע מענשען פון די מערסט באַוואוסטע דיינקער, אָבער אַלע זייערע אויסשפּרעכונגען און די גאַנצע אינפאָרמאַציע וואָס זיי האָבען געקראָגען פון זיי זיינען געווען אַזוי נאַריש און אַזוי פאַרדאַמט אומוויכטיג דאָס מען האָט עפּעס אַנדערש ניט געקאָנט געפינען אין וואָס צו גלויבען ווי נאָר די אייגענשאַפט פון די גייסטער פאַר זייער צופּאַסען זיך צו דעם קרייז פון די לייטע וואָס האָבען זיי אַרויסגערופען.

מען מוז איצט דערמאָנען צוויי פאַרזוכען צו אויסווייכען דעם פּראָב־לעם,ביידע וועלכע טראָגען דעם איינדרוק פון וואָהנזיניגער אָנשטריינ־גונג. איינער פון זיי, געוואַלדיג אין זיין נאַטור, איז אַלט; דער צווייטער איז ביטרע און מאָדערן. דער ערשטער איז די „קרעדאָ קוויאַ אַבסאָרדום“ פון דעם פאַרצייטיגטען פאָטער. דאָס מיינט צו באַדייטען אַז די רעלי־גיעזע דאָקטרינען זיינען אויסער דער מאַכט פון פאַרשטאַנד; זיי שטעהן למעלה מן השכל. זייער אמת מוז געפילט ווערען אינערליך: עס איז גאָר ניט נויטיג זיי צו באַגרייפען. אָבער דיזער „קרעדאָ“ האָט נאָר אַ באַדייט אַלס אַ פּרייוויליגע גלויבענס אַנערקענונג; אַלס אַ באַפעל האָט

דאָס קיין בינדענדע מאַכט. מוז איך זיין פאַרפּליכטעט צו גלויבען יעדער אַבסורד? און אויב ניט, פאַר וואָס גראַדע אין דיזען איינעם? עס איז ניטאָ צו וועמען צו אַפּעלירען אויסער דעם פאַרשטאַנד. און אויב דער אמת פון די רעליגיעזע דאָקטרינען איז אָפּהענגיג פון אַן אינערליכער ער־פאַהרונג וועלכע טראָגט דאָס עדות צו יענעם אמת, וואָס זאָל מען דאַן מאַכען פון די פיעלע לייטע וועלכע האָבען ניט די זעלטענע דערפאַהרונג? מען קאָן ערוואַרטען אַז אַלע מענשען זאָלען נוצען די מתנה פון פאַר־שטאַנד וועלכע זיי באַזיצען, אָבער מען קאָן ניט אַוועקשטעלען אַ פאַר־פּליכטונג וואָס זאָל אָנגעווענדעט ווערען פאַר אַלעמען אויף אַ גרונד וואָס עקזיסטירט בלויז פאַר איינינגע. פון וואָס פאַר אַ וויכטיגקייט איז דאָס פאַר אַנדערע לייטע דאָס וואָס דו האָסט געוואונען פון אַ באַגייסטערטען צושטאַנד, וועלכער האָט דיך טיעף גערירט, אַן אומצושטרייטבאַרע איבער־צייגונג פאַר דעם ווירקליכען אמת פון די רעליגיעזע דאָקטרינען?

דער צווייטער פאַרזוך איז דער פון דער פילאָסאָפיע פון „אַלס ווען מיר וואָלטען". דאָס דערקלערט אַז אין אונזער גייסטיגער טעטיגקייט נעמען מיר אָן אַלע אויפפירונגען פון זאַכען, דאָס אָהן באַגרינדעטע, און צו מאָל דאָס נאַרישסטע, פון וועלכע מיר רעאַליזירען פולשטענדיג. זיי ווערען אָנגערופען „פיקשאָנס", אָבער פון פאַרשיידענע פּראַקטישע מאָ־טיוון ווערען מיר געפירט צו באַנעמען זיך „אַלס ווען מיר וואָלטען" געגלויבט אין דיזע פיקציעס. דיזעס, ווערט אַרגומענטירט, איז דער פאַל מיט רעליגיעזע דאָקטרינען, צוליב זייער אונפאַרגלייכבאַרער וויכטיגקייט פאַר דער דערהאַלטונג פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. דיזער אַרגו־מענט איז ניט ווייט אַוועק פון דער "קרעדאָ קוויאַ אַבסאָרדום". אָבער איך דיינק אַז די פאָדערונג פון דער פילאָסאָפיע „אַלס ווען מיר וואָלטען" איז עטוואָס אַזוינס וואָס נאָר אַ פילאָסאָף האָט געקאָנט מאַכען. דער מענש וועמעס דיינקען איז ניט באַאיינפלוסט ביי דער כיטראַסט פון דער פילאָ־סאָפיע וועט קיינמאָל ניט זיין אימשטאַנד דאָס אָנצונעמען; מיט דער אַנערקענונג פון דער נאַרישקייט, און אומלאָגישקייט איז וועגען זיין אַמ־באַטרעף דאָרט מער ניטאָ וואָס צו זאָגען. מען קאָן אים ניט ערוואַרטען אָפּצוגעבען די גאַראַנטיעס וועלכע ער פאָדערט פאַר אַלע זיינע געוויינליכע טעטיגקייטען צוליב דער אַנגעלעגענהייט פון זיינע וויכטיגסטע אינ־טערעסען. עס דערמאָנט מיך וועגען איינעם פון מיינע קינדער וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין די יונגע יאָרען מיט אַ באַזונדערען פיינעם חוש פאַר ווירקליכקייט. ווען מען פלעגט די קינדער דערציילען אַ צויבער

מעשה צו וועלכער זיי האָבען זיך איינגעהערט מיט פארכאַפּטער אויפ־מערקזאַמקייט, פלעגט ער אַרויס קומען און פרעגען: איז דאָס אַן אמת'ע געשיכטע? און ווען מען האָט אים געענטפערט אַז ניין, פלעגט ער אַוועק געהן מיט אַ מינע פון פאַראַכטונג. עס איז צו ערוואַרטען אַז די מענשען וועלען זיך אין גיכען אויפפירען אין זעלביגען שטייגער געגען די רעלי־גיעזע צויבער געשיכטעס, להכעיס דער קולטור פון דער פילאָסאָפיע פון „אַלס ווען מיר וואָלטען".

אָבער אין דער געגענוואַרט פירען זיי זיך נאָך אויף גאַנץ פאַרשיידען, און אין די פאַרגאַנגענע יאָרען, און צופּליים אויף זייער אומווידערשפּרעכ־ליכען מאַנגעל פון עכטהייט, האָבען די רעליגיעזע אידייען אויסגעאיבט דעם שטאַרקסטען איינפלוס אויף דער מענשהייט. דאָס איז אַ פרישער פּסיכאָלאָגישער פּראָבלעם. מיר מוזען פרעגען, וואו ליגט די נאַטירליכע שטאַרקייט פון דיזע דאָקטרינען און צו אַ וואָסערע אומשטענדען זיינען זיי פאַרפליכטעט פאַר זייער ווירקענדער מאַכט, אומאָפּהענגיג, ווי זי איז, פון דער אַנערקענונג פון דעם שכל.

## זעקסטער קאַפּיטעל

איך דיינק מיר האָבען שוין גענוג צו געגרייט דעם וועג פאַר דעם ענטפער צו דיזעביידע פראַגען. עס וועט געפונען ווערען ווען מיר וועלען אנריכטען אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף דעם פּסיכישען אורשפּרונג פון די רעליגיעזע אידייען. דיזע, וועלכע ערקלערען זיך צו זיין דאָגמאַס, זיינען ניט דער אָבזאַץ פון דערפאַהרונג אָדער דער ענדליכער רעזולטאַט פון רעפלעקציע; זיי זיינען אילוזיעס, ערפילונגען פון די עלטסטע, שטאַרק־סטע און דרינגענדסטע וואונשען פון דער מענשהייט; דער סוד פון זייער שטאַרקייט איז די שטאַרקייט פון דיזע וואונשען. מיר ווייסען שוין אַז דער ערשרעקענדער עפפעקט פון דער קינדערשער הילפלאָזיגקייט האָט אַרויס גערופען די נויטוועדיגקייט פאַר באַשיצונג—באַשיצונג דורך ליבע—וועלכעס דער פאָטער האָט באַפרידיגט, און אַז די אַנטדעקונג אַז דיזע הילפלאָזיגקייט וועט אָנהאַלטען דורך דעם גאַנצען לעבען האָט עס געמאַכט פאַר נויטוועדיג מען זאָל זיך אָנקלעפּען צו דער עקזיסטענץ פון אַ פאָטער—אָבער דאָס מאָל אַ מער מעכטיגען. און אַזוי אַרום טוט דער וואוילטעטיגער געזעץ פון דער הייליגער השגחה לינדערן אונזער

אַנגסט אין דעם אָנזעהן פון די לעבענס געפאַהרען, די איינריכטונג פון אַ מאָראַלישער וועלט אָרדנונג פאַרזיכערט דאָס ערפילען פון די פאָדערונגען פון דער גערעכטיגקייט, וועלכע זיינען אַזוי אָפט געבליבען אונערפילט אין דער מענשליכער קולטור, און דאָס פאַרלייגערען פון דעם אירדישען עק־זיסטענץ דורך אַן עולם הבא פאַרזאָגט אין צוגאָב די לאָקאַלע און צייט־ליכע באַשטימונג פאַר דיזע וואונש־ערפילונגען. ענטפערס צו די פראַגען וואָס רעגען די מענשליכע נייגירדע, אַזעלכע ווי דער אורשפרינג פון דעם אוניווערס און די באַציהונג צווישען קערפער און נשמה, זיינען אַנט־וויקעלט אין צוזאַמענקלאַנג מיט די שטיצענדע השערות פון דיזען סיסטעם; עס באַדייטעט אַ גרויסע ערלייכטערונג פאַר דער אינדיווידועלער פסיכיק ווען זי איז באַפרייט פון די קאָנפליקטען פון קינדהייט וואָס וואַקסען אַרויס פון דעם פאָטער־קאָמפלעקס, וועלכע מען קען קיינמאָל ניט גענצליך איבערקומען, און ווען מען קאָן אַריינבריינגען אין דיזע קאָנפליקטען אַן אַלגעמיינע אַנגענעמענע ערקלערונג.

ווען איך זאָג אַז זיי זיינען אילוזיעס, מוז איך דערקלערען די מיינונג פון דעם וואָרט. אַן אילוזיע איז ניט דאָס זעלבע וואָס אַ טעות. אַריס־טאָטעלס גלויבען אַז ווערים אַנטוויקלען זיך פון שמוץ, און וועלכעס אונ־וויסענדע לייטע האַלטען נאָך איצט פאַר ריכטיג, איז געווען אַ טעות; אַזוי איז אויך געווען דאָס גלויבן פון די דאָקטוירים פון אַ פריערדיגען דור אַז „טאַבעס דאָרסאַלים“* איז געווען דער רעזולטאַט פון צופיל ניאוף. עס וואָלט זיין אונריכטיג צו רופען דיזע טעות'ן אילוזיעס. ווידער אין דער אַנדערער זייט, עס איז געווען אַן אילוזיע אויף קאָלומבוסעס זייט אַז ער האָט אַנטדעקט אַ נייעם ים וועג צו אינדיע. די ראָלע וואָס זיין וואונש האָט געשפילט אין דיזען טעות איז גאַנץ קלאָר. מען קאָן אויך צו שרייבען צו אַן אילוזיע דעם סטייטמענט פון געוויסע נאַציאָנאַליסטען אַז די אינדאָ־גערמאַנישע ראַסע איז די איינציגע וואָס איז פעהיג אויף קול־טור, אָדער דאָס גלויבען, וועלכעס נאָר די פסיכאָ־אַנאַליז האָט צושטערט, אַז אַ קינד איז אַ וועזען אָהן געשלעכטליכקייט. עס איז כאַראַקטעריס־טיש פון דער אילוזיע דאָס זי שטאַמט אָפּ פון מענשליכע וואונשען; אין דיזען רעספעקט דערנעהנטערט זי זיך צו דער פסיכיאַטרישער דילוזיע,

---

*Tabes Dorsalis. Degeneration of the posterior column of the spinal cord, giving rise to ataxia.

אָבער מען מוז זי אונטערשיידען פון דיזער, גאַנץ אָפּגעטיילט פון דער מער קאָמפּליצירטער סטרוקטור פון דער לעצטער. אין דער דילוזיע באַטאָנען מיר אַלס וויכטיג דעם קאָנפליקט מיט דער ווירקליכקייט; די אילוזיע אָבער מוז ניט נויטווענדיג זיין פאַלש, דאָס מיינט צו זאָגען, אונפאַרווירקליכבאַר אָדער אונפּאַראייננבאַר מיט דער ווירקליכקייט. צום ביישפּיל, אַן אָרעמע מיידעל קאָן האָבען אַן אילוזיע אַז אַ פּרינץ וועט קומען, וועט זי אויסכאַפּעפּן און אַוועקטראָגען אַהיים. עס איז מעגליך; איינינע אַזעלכע פאַלען האָבען פּאַסירט. אַז דער משיח וועט קומען און געפונען אַ גאָלדענע צייט איז פיל וויינינער וואַרשיינליך; לויט אימיצענס פּערזענליכער שטעלונג וועט מען קלאַסיפיצירען דיזען גלויבען אויף אַן אילוזיע אָדער אויף אַן עהנליכקייט צו אַ דילוזיע. ביישפּילע פון אילוזיעס וועלכע זיינען אין אמת'ן געקומען איז ניט לייכט צו אַנטדעקען, אָבער די אילוזיע פון דעם אַלכעמיקער אַז אַלע מעטאַלען קענען פאַרוואַנדעלט ווערען אויף גאָלד קאָן זיך גראַדע אַרויסצייגען צו זיין איינע. דער וואונש צו האָבען פיל געלד, אַזוי פיל ווי מעגליך, איז באַדיידענט פאַרקלענערט געוואָרען דורך אונזער מאָדערנעם איינבליק אויף דעם כאַראַקטער פון רייכקייט, דאָך באַטראַכטען ניט מער די כעמיקער די פאַרוואַנדלונג פון מעטאַלען אויף גאָלד פאַר אַן אוממעגליכקייט. און אַזוי רופען מיר אַ גלויבען אַן אילוזיע ווען דער וואונש־ערפילונג איז אַ וויכטיגער פאַקטאָר אין זיין מאָטיווירונג, פאַראַכטענדיג זיינע באַציהונגען צו דער ווירקליכקייט, פּונקט ווי די אילוזיע אַליין טוט.

אויב נאָך דיזען איבערבליק קערען מיר זיך נאָכאַמאָל אום צו די רעליגיעזע דאָקטרינען, קאָנען מיר ווידערהאָלען אַז זיי זיינען אַלע אילוזיעס, זיי לאָזען ניט צו קיין פּרואוו, און קיינער קאָן ניט זיין געצוואונגען צו באַטראַכטען זיי פאַר אמת'ע אָדער צו גלויבען אין זיי. איינינע פון זיי זיינען אַזוי אומוואַרשיינליך, אַזוי אומפּאַראייננבאַר מיט יעדער זאַך וואָס מיר האָבען מיזאַם אַנטדעקט וועגען דער ווירקליכקייט פון דער וועלט, דאָס מיר קאָנען זיי פאַרגלייכען—נעמענדיג אין אָנבאַטראַכט די פּסיכאָלאָגישע פאַרשידענהייטען—צו דילוזיעס. פון דער ווירקליכקייטס ווערט פון די מערסטע פון זיי קאָנען מיר ניט אורטיילען, פּונקט ווי מען קאָן זיי ניט פּרואווען, אַזוי אויך קאָן מען זיי ניט אָפּלייקענען. מיר ווייסען נאָך אַלץ צו ווייניג אום צו צוטרעטען צו זיי קריטיש. די רעטעניש פון דעם אוניווערס אַנטדעקען זיך נאָר לאַנגזאַם צו אונזער פאָרשונג, צו פילע פראַגען קאָן נאָך די וויסענשאַפט אַלץ ניט געבען קיין

ענטפער; אָבער וויסענשאַפטליכע אַרבייט איז אונזער איינציגער וועג צו דעם וויסען פון אויסערליכער ווירקליכקייט, עס איז בלויז אַן אילוזיע צו ערוואַרטען עפּעס פון אינטואיציע אָדער באַגייסטערונג; זיי קאָנען אונז געבען בלויז איינצעלהייטען, וועלכע זיינען שווער צו דערקלערען, וועגען אונזער אייגענעם גייסטיגען לעבען, אָבער קיינמאָל ניט קיין אינפאָרמאַציע וועגען די פראַגען וואָס ווערען אַזוי לייכט פאַרענטפערט ביי די דאָקטרינען פון דער רעליגיע. עס וואָלט זיין לייכטזיניג צו לאָזען דעם אייגענעם ווילקירליכען טאַט אויס צו פילען די עפּענונג, און לויט אייגענער פּערזענליכער אָפּשאַצונג דערקלערען דיזען אָדער יענעם טייל פון דעם רעליגיעזען סיסטעם צו זיין מער אָדער ווייניגער אָננעמבאַר. דיזע פראַגען זיינען צו וויכטיג דערפאַר; צו הייליג קאָן מען זאָגען.

ביי דיזען פונקט קאָן אָנגעווענדט ווערען: גוט, דאַן, אויב זאָגאַר די בייזע צווייפלער געבען צו אַז די מיטטיילונגען פון דער רעליגיע קאָנען ניט צוריקגעוויזען ווערען ביים שכל, פאַר וואָס זשע זאָל איך ניט גלויבען אין זיי, זינט זיי האָבען אַזוי פיל אויף זייער זייט—טראַדיציע, דאָס געמיינשאַפטליכקייט פון דער מענשהייט, און אַלע טרויסטען וואָס זיי ברייננגען? געוויס, וואַרום ניט? פונקט ווי מען קאָן ניט זיין געצוואונגען צום גלויבען, אַזוי אויך קאָן מען ניט זיין געצוואונגען צום אומגלויבען. אָבער נאַר זיך זעלבסט ניט אָפּ מיט דעם דיינקען אַז מיט אַזעלכע אַרגומענטען פאָלגסטו נאָך דעם וועג פון קאָרעקטען דיינקען. אויב עס איז אַמאָל געווען אַ פאַל פון בויגזאַמע אַרגומענטען, איז דאָס דער פאַל. אומוויסענהייט איז אומוויסענהייט; קיין רעכט צו גלויבען אין עפּעס איז דערפון ניט אַרויסגעקומען. קיין פאַרשטענדיגער מענש וועט זיך ניט אויפפירען אַזוי לייכטזיניג אין אַנדערע אַנגעלעגענהייטען אָדער וועט זיך צופרידען שטעלען מיט אַזעלכע גרונדען פאַר זיינע מיינונגען אָדער פאַר דער שטעלונג וואָס ער אַדאַפּטירט; עס איז נאָר אין די העכסטע און הייליגסטע זאַכען וואו ער ערלויבט דאָס. אין ווירקליכען זיינען דיזע בלויז פאַרזוכן אָפּצונאַרען זיך זעלבסט אָדער אַנדערע לייטע אויף צו גלויבען אַז מען האַלט זיך נאָך שטאַרק אָן אין דער רעליגיע, אין דער צייט ווען מען האָט זיך שוין לאַנג לויז געמאַכט פון איר. וואָס אַנבעלאַנגט די פראַגען וועגען רעליגיע זיינען די לייטע שולדיג פאַר יעדען מעגליכען סאָרט פון אומאויפריכטיגקייט און אינטעלעקטועלער געמיינער אויפפירונג. פילאָסאָפען שטרעקען אויס די מיינונג פון ווערטער ביז זיי אַנטהאַלטען קוים עטוואָס פון זייער אָריגינעלער באַדייטונג; מיט דעם אָנרופען „גאָט" עפּעס אַ מאָדנע אַבסטראַקציע

וועלכעס זיי האָבען באַשאַפען פאַר זיך זעלבסט. פאַזירען זיי אַלס דעי־איסטען, אַלס גלויביגע, פאַר דער וועלט; זיין טוען זיך זאָגאר באַריהמען מיט דער דערגרייכונג פון אַ העכערער און ריינערער אידייע פון גאָט, אָבוואָהל זייער גאָט איז ניט מער ווי אַן אונממשות׳דיגער שאָטען און איז מער ניט די שטאַרקע פערזענליכקייט פון דער רעליגיעזער דאָקטרין. קריטיקער באַשטעהן אויף דעם רופען אַ פערזאָן „טיף רעליגיעז" וועלכער איז מודה אין אַ געוויסען זינען אויף דער מענשליכער אומוויכטיגקייט און אומבאַדייטענשאַפט אין אָנזעהן פון דעם אוניווערס, אָבוואָהל עס איז ניט אָט דיזע פיהלונג וואָס שטעלט צוזאַמען דעם עסענץ פון די רעליגיעזע עמאָציעס, גיכער איז דאָס דער נעקסטער שריט, די רעאַקציע צו דעם, וועלכע זוכט אַ הייל מיטעל געגען דיזער פיהלונג. דער וואָס געהט ניט ווייטער, דער וועלכער וויליגט איין באַשיידען אויף דעם אונבאַדייטענדען טייל וואָס דער מענש שפּילט אין דעם אוניווערס, איז, אומגעקערט, אומ־רעליגיעז אין דעם פולען זינען פון וואָרט.

עס ליגט ניט אין דער אַבזיכט פון דיזער אויספאָרשונג צו אַכטען די ווערט פון רעליגיעזע דאָקטרינען אַלס אמת. עס איז גענוג דאָס מיר האָבען זיי אַנערקענט, פסיכאָלאָגיש באַטראַכט, אַלס אילוזיעס. אָבער מיר באַדאַרפען ניט באַהאַלטען דעם פאַקט אַז דיזע אַנטדעקונג באַאיינ־פלוסט שטאַרק אונזער שטעלונג צו דעם וואָס מוז ערשיינען פאַר פילע אַלס די וויכטיגסטע פון די פראַגען. מיר ווייסען אומגעפער אין אַ וועלכע פעריאָדען און ביי אַ וואָסערע סאָרטען מענשען עס האָבען זיך אויסגע־פורמט די רעליגיעזע דאָקטרינען. און ווען מיר לערנען אַצינד פון וועלכע מאָטיווען עס האָט פּאַסירט, וועט אונזער שטעלונג צו דעם פּראָבלעם פון רעליגיע ערטראָגען אַ ווירדיגע ענדערונג. מיר זאָגען צו זיך זעלבסט: עס וואָלט ווירקליך זיין זעהר שעהן ווען עס וואָלט דאָרט געווען אַ גאָט, וועלכער איז געווען ביידע, באַשאַפער פון דער וועלט און אַ וואוילטעטיגע השגחה, ווען עס זאָל דאָרט זיין אַ מאָראַלישע וועלט אָרדנונג און אַן עולם הבא, אָבער אין דער זעלבער צייט איז דאָס זעהר מאָדנע אַז דאָס איז אַלעס פּינקטליך ווי מיר זאָלען זיך דאָס אַליין וואונשען. און עס וואָלט זיין נאָך מאָדנער צו גלויבען אַז צו אונזערע אָרעמע, אומוויסענדע פאַר־שקלאַפטע אור־עלטערן האָט זיך איינגעגעבען צו לייזען אַלע דיזע שווערע רעטענישען פון דעם אוניווערס.

## זיבעטער קאַפּיטעל

האָבענדיג אַנערקענט די רעליגיעזע דאָקטרינען צו זיין אילוזיעס, שטויסען מיר זיך גלייך אָן מיט דער ווייטערער פראַגע: קאָנען ניט אויך אַנדערע קולטורעלע באַזיצע, וועלכע מיר שעצען אַזוי הויך און פון וועלכע מיר לאָזען זיך רעגירען, זיין פון אַן עהנליכען כאַראַקטער? זאָלען ניט די השערות וואָס רעגולירען אונזערע פּאָליטישע אינסטיטוציעס גלייכער־ווייזע אָנגערופען ווערען אילוזיעס, און איז דאָס ניט ריכטיג אַז אין אונזער קולטור זיינען די באַציהונגען צווישען די געשלעכטער באַאונרוהיגט ביי אַן עראָטישער אילוזיע, אָדער ביי אַ סעריע פון עראָטישע אילוזיעס? און האָט זיך שוין אונזער פאַרדאַכט איינמאָל אויפגעוועקט, וועלען מיר זיך שוין ניט צוריקהאַלטען פון צו פרעגען צו עס איז דאָרט פאַראַן אַ בעסערער גרונד פאַר אונזער איבערצייגונג אַז עס איז מעגליך צו אַנטדעקען עטוואָס וועגען דער אויסערליכערווירקליכקייט דורך דער אָנווענדונג פון באָאָ־באַכטונג און דיינקען אין וויסענשאַפטליכער אַרבייט. קיין זאַך באַדאַרף אונז ניט אָפּהאַלטען פון צו אָנווענדען באָאָבאַכטונג צו אונזערע אייגענע כאַראַקטערען אָדער אונטערצואוואַרפען דעם פּראָצעס פון דיינקען צו זיין אייגענעם קריטיציזם. דאָ שטעלען זיך פאַר אַ סעריע פון אונטערזוכונגען, וועלכע באַדאַרפען זיין מיט זייער רעזולטאַט פון אַן אַנטשיידענדער וויכ־טיגקייט פאַר דעם אויפבויען פון אַ וועלט אַנשויאונג. מיר באַהויפּטען, אויך, אַז אַזאַ אָנשטריינגונג וואָלט ניט זיין אַרויסגעוואָרפען, און אַז עס וואָלט אַמווייניגסטענס טיילווייז בארעכטיגט אונזער פאַרדאַכט. אָבער דער מחבר פון דיזע זייטען האָט ניט די מיטלען צו אונטערנעמען אַזאַ באַגרייפליכע אויפגאַבע; געצוואונגען ביי דער נויט, באַגרייניצט ער זיין אַרבייט צו דעם נאָכפאָלגען פון איין איינציגער פון דיזע אילוזיעס, דאָס איז, די רעליגיעזע.

אָבער אַצינד באַפעהלט אונז די הויכע שטימע פון אונזער געגנער זיך אָפּצושטעלען. מיר זיינען גערופען אָפּצוגעבען חשבון פאַר אונזערע עבירות.

„אַרכעאָלאָגישע אינטערעסען זיינען אָהן צווייפעל די לויבענסוויר־דיגסטע, אָבער מען געהט ניט מאַכען אַן אויסגרובונג דאָרט ווען מען סאַז

דאָדורך אונטערמינעווען באוואוינטע פלעצער, אזוי דאָס זיי זאָלען איינ־פאַלען און באַגראָבען זייערע איינוואוינער אונטער זייערע חורבות. די דאָקטרינען פון דער רעליגיע זיינען ניט אַ געגענשטאַנד וועגען וועלכען מען קאָן זיין קלאָר, ווי מען קאָן זיין וועגען אַן אַנדערען. אונזער קולטור איז אויפגעבויט אויף זיי; דאָס אויפהאַלטונג פון דער מענשליכער געזעל־שאַפט שטיצט זיך אויף דער השערה אַז די מאַיאָריטעט פון דער מענשהייט גלויבט אין דעם אמת פון דיזע דאָקטרינען. ווען מען זאָל זיי לערנען אַז עס איז ניט פאַראַן קיין אַלמעכטיגער און אַלגערעכטער גאָט, קיין הייליגע וועלט אָרדנונג, און קיין עולם הבא, דאַן וועלען זיי זיך פיהלען באַפרייט פון אַלע פאַרפליכטונגען צו פאָלגען די אָרדערס פון דער קולטור. אומ־פאַרבאָטען און פריי פון מורא, וועט יעדערער פאָלגען זיינע אַנטי־סאָציאַלע, עגאָאיסטישע אינסטינקטען, און וועט זוכען צו באַרעכטיגען זיין מאַכט. דער כאַאָס וועלכען מיר האָבען באַזייטיגט דורך די טויזענ־טער יאָרען פון דער ארבייט פון דער ציוויליזאַציע, וועט זיך נאָכאַמאָל אָנפאַנגען. אפילו ווען מען זאָל וויסען, און קאָנען פּרואווען, אַז די רעליגיע באַזיצט ניט דעם אמת, זאָל מען פאַרבאָרגען דעם פאַקט און מען זאָל זיך אויפפירען ווי די פילאָסאָפיע פון „אַלס ווען מיר וואָלטען" פאָ־דערט. און אַחוץ דער סכנה פון דער אונטערנעמונג, איז דאָס אויך אַ צוועקלאָזע גרויזאַמקייט. אונצעליגע לייטע געפינען זייער איינציגע טרויסט אין די דאָקטרינען פון דער רעליגיע, און נאָר אַדאַנק זייער הילף קאָנען זיי ערטראָגען דאָס לעבען. דו ווילסט זיי רויבען פון דעם וואָס אונטערשטיצט זיי, און האָסט דאָך ניט קיין בעסערס וואָס זיי צו געבען אַנשטאַט. עס איז שוין צו געגעבען אַז ביז איצט האָט נאָך די וויסענ־שאַפט פיל ניט ערררייכט, און ווען זי זאָל זאָגאַר שוין האָבען געמאַכט פיל מער פאָרשריטע, וואָלט נאָך אַלץ ניט זיין גענוג פאַר די מענשען. דער מענש האָט נאָך אַנדערע דרינגענדע נויטיגקייטען, וועלכע קאָנען קיינמאָל ניט באַפרידיגט ווערען ביי דער קאַלטער וויסענשאַפט, און עס איז זעהר מאָדנע—צו זיין אויפריכטיג, עס איז די העכסטע שטופּע פון ווידער־שפּרעכונג—אַז אַ פּסיכאָלאָג, וועלכער האָט אימער באַטאָנט אויף וויפיל אין די מענשליכע לעבענס די אינטעליגענץ טרעט אָפּ פאַר דעם לעבען פון די אינסטיקטען, זאָל איצט שטרעבען צו רויבען די מענשען פון אַ שעצבאַרער וואונש־באַפרידיגונג, און זאָל זיי וועלען געבען אין אַנטויש אַ באַלוינונג פון איין אינטעלעקטועלען כאַראַקטער".

וואָס פאַר אַ צאָל מיט באַשולדיגונגען אַלץ מיט אַמאָל! פונדעסט־

װעגען, בין איך צוגעגרייט זיי אַלע אָפּצושלאָגען; און נאָכמער, איך בין צוגעגרייט צו פֿאַרטיידיגען די מיטטיילונג אַז די קולטור ברענגט אַרויף אַ גרעסערע סכנה דורך דער אָנהאַלטונג פון איר איצטיגער שטעלונג צו דער רעליגיע ווי ווען זי זאָל איר אין גאַנצען פֿאַרלאָזען. אָבער איך ווייס קוים ווי אָנצופאַנגען מיין ענטפער.

פיליכט מיט דער פאַרזיכערונג אַז איך זעלבסט באַטראַכט מיין אונטערנעמונג צו זיין גענצליך אונשעדליך און פריי פון יעדען געפאַר. דאָס מאָל איז די איבערשעצונג פון דעם אינטעלעקט ניט אויף מיין זייט. אויב די מענשען זיינען אַזעלכע ווי מיינע געגנער באַשרייבען זיי—און איך האָב קיין וואונש דאָס צו ווידערשפּרעכען—דאַן איז דאָרט גאָר קיין געפאַר פאַר דעם איבער־געגעבענעם גלויביגען, איבערגעשטאַרקט ביי מיינע אַרגומענטען, צו ווערען געטריבען פון זיין גלויבען. אַחוץ דעם, איך האָב גאָר ניט געזאָגט אַזוינס וואָס אַנדערע און בעסערע מענשען האָבען דאָס ניט געזאָגט פאַר מיר אין אַ פיל מער פולשטענדיגען און איינדרוקס־פולען וועג. די נעמען פון דיזע מענשען זיינען גוט באַוואוסט. איך וויל ניט אָנגעבען זייערע נעמען. איך וואָלט ניט וועלען מאַכען דעם איינדרוק דאָס איך וואָלט זיך וועלען צו רעכענען צו זייער צאָל. איך האָב בלויז—דאָס איז דאָס איינציגע וואָס איז ניי אין מיין סטייטמענט—צו געגעבען אַ געוויסען פּסיכאָלאָגישען פונדאַמענט צו דער קריטיק פון מיינע פאָר־גענגערס. עס איז קוים צו ערוואַרטען דאָס גראַדע דיזער צוגאָב וועט אַרויסברייגען דעם עפעקט וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבען צו די פריערדיגע פאַרזוכען. געוויס קאָן מען מיך פרעגען ביי דיזען פּונקט וואַרום איך שרייב גאָר אַזעלכע זאַכען ווען איך בין איבערצייגט אין זייער אומווירקזאַמקייט. אָבער מיר וועלען צוריק קומען צו דיזען שפּעטער.

דער איינציגער פּערזאָן וועמען דיזע פּובליקאַציע קאָן שאָדען טון בין איך אַליין. איך וועל דאַרפען אויסהערען די אומאַנגענעמסטע פאָר־ווירפע אויף דעם גרונד פון אויבערפלעכליכקייט, קליין־זיניגקייט און מאַנגעל פון אידעאַליזם און פאַרשטענדליכקייט פאַר די העכסטע אינ־טערעסען פון דער מענשהייט. אָבער פון איין זייט זיינען אָט די אַלע טאַדלונגען ניט ניי צו מיר; און פון דער אַנדערער זייט, אויב אַ מענש האָט שוין זאָגאַר אין זיין פריהער יוגענט געלערענט צו באַגעגענען די אומצופרידענהייט פון זיינע צייט־מענשען, וואָס פאַר אַן עפעקט דאַן קאָן דאָס שוין האָבען אויף אים אין זיינע אַלטע יאָרען, ווען ער וועט שוין געוויס

באַלד זיין ווייט פון דערגרייכונג פאַר אַלע טובות אָדער רעות? אין די פריערדיגע צייטען איז דאָס געווען אַנדערש. דאַן האָבען אַזעלכע אויס־דרוקען ווי דיזע געבראַכט מיט זיך אַ זיכערע פאַרקירצערונג פון אימיצענס אירדישען עקזיסטענץ און אַ שנעלע דערגרייכונג פון דער געלעגענהייט צו געווינען פערזענליכע דערפאַרונג פון יענער וועלט. אָבער, איך ווידערהאָל, יענע צייטען זיינען פאַראיבער, און היינט קאָנען אַזעלכע זאַכען געשריבען ווערען אָהן צו שטעלען אין געפאַר זאַגאַר דעם מחבר; דאָס ערגסטע וואָס קאָן געשעהן איז וואָס אין דיזען אָדער אין אַ צווייטען לאַנד זאָל די איבערזעצונג און די פאַרשפּרייטונג פון דיזען בוך פאַרבאָטען ווערען—און נאַטירליך וועט דאָס געשעהן גראַדע אין דעם לאַנד וואָס עס פילט זיך צו זיכער אויף זיין הויכען סטענדערט פון זיין קולטור. אָבער מען מוז זיין פייהיג זיך צו צופּאַסען צו דעם אויך, ווען מען מאַכט עפּעס אַן אַפּיעל פאַר וואונש פאַרניינונג אָדער פאַר אַן איינווויליגונג אין גלויבען.

און דאַן איז מיר געוואָרען אויפפאַלענד צו פרעגען אויב דאָס פּוב־ליצירען פון דיזען ווערק וועט מעגליך נאָכאַלעמען דאָך ברייגנען עפּעס שאָדען—ניט ווירקליך צו אַ פּערזאָן, נאָר צו אַ זאַך: די זאַך פון פּסיכאָ־אַנאַליז. ווייל מען קאָן ניט אָפּלייקענען אַז דאָס איז ניט מיין שאַפונג, און אַז אַן איבערפלוס פון אונצוטרויען און שלעכטען ווילען איז אַרויס־געוויזען געוואָרען צו דעם. און ווען איך קום איצט אַרויס מיט אַזעלכע אומאַנגענעמע סטייטמענטס, וועלען די לייטע זיין זעהר צופרידען איבער־צוטראָגען זייערע פילונגען פון מיין פּערזאָן אויף דער פּסיכאָ־אַנאַליז. אַצינד קאָן מען זעהן, וועט מען זאָגען, וואוהין דער פּסיכאָ־אַנאַליז פירט. די מאַסקע איז אַרונטער געפאַלען; עס פירט צו דער אָפּלייקענונג פון גאָט און פון דעם עטישען אידעאַל, ווי ווירקליך מיר האָבען זיך דאָס אַלעמאָל פאָרגעשטעלט. און אום צו צוריקהאַלטען אונז פון דער אַנטדעקונג, האָט מען אונז געמאַכט צו גלויבען אַז די פּסיכאָ־אַנאַליז האָט ניט, און קאָן ניט האָבען, קיין פילאָסאָפישען שטאַנדפּונקט.

דיזער געטומעל וועט ווירקליך זיין אומאַנגענעם צו מיר צוליב פילע פון מיינע חברים מיטאַרבייטער, אייניגע פון זיי זיינען ניט גענצליך איינ־פאַרשטאַנען מיט מיין שטעלונג צו די רעליגיעזע פּראָבלעמען. פונדעסט־וועגען, האָט שוין די פּסיכאָ־אַנאַליז העלדיש דורכגעמאַכט פילע שטורמס, און וועט אויך מוזען דיזען נייעם באַגעגענען. אין ווירקליכען איז פּסיכאָ־אַנאַליז אַ מעטאָד פאַר אונטערזוכונג אַזוי ווי אַן אונפּאַרטייאישער אינ־

סטרומענט, ווי למשל, „אינפיניטעסימאל קאלקאלאס“. זאגאר ווען א פיזיקער זאל מיט דער הילף פון דעם לעצטן אנטדעקן אז נאך א געוויסן פעריאד וועט די ערד צושטערט ווערן, וואלט מען דאך זיך אפּגעהאלטן פון צו צורעכענען די צושטערענדע נייגונגען צו דער קאלקולוס גופא, און צוליב דעם עס פארדאמען. קיין זאך וואס איך האב דא געזאגט געגען די געשעצטע אמת'ן פון דער רעליגיע ברויכט האבן די שטיצע פון פסיכא־אנאליז; דאס איז שוין געזאגט געווארען ביי אנדערע נאך לאנג איידער די פסיכא־אנאליז האט עקזיסטירט. אויב מען קאן געפינען א נייעם ארגומענט געגען דעם אמת פון דער רעליגיע דורך דעם אנווענדען פון דעם פסיכא־אנאליטישען מעטאד, אלץ ערגער איז דאס פאר דער רעליגיע, אבער די פארטיידיגער פון דער רעליגיע וועלען מיט גלייכער רעכט זיך באנוצען מיט דעם פסיכא־אנאליטישען מעטאד אום צו פול שעצען די אפעקטישע וויכטיגקייט פון די רעליגיעזע דאקטרינען.

און איצט צו פארטזעצען מיט דער פארטיידיגונג: עס איז קלאר אז די רעליגיע האט געלייסטעט גרויסע דינסטען פאר דער מענשליכער קולטור. זי האט פיל בייגעשטייערט פאר דער אונטערדריקונג פון די אנטי־סאציאלע אינסטינקטען, אבער דאך ניט גענוג. פאר פילע טויזענטער יארען האט זי געהערשט איבער דער מענשליכער געזעלשאפט; זי האט געהאט צייט צו באווייזען וואס זי קאן ערגרייכען. ווען עס זאל זיך איר געוועען איינגעבען צו מאכען גליקליך דעם גרעסטען טייל פון דער מענשהייט, מיט דעם טרויסטען זיי, מיט דעם פאראיינען זיי צום לעבען, און מיט דעם מאכען זיי פאר אונטערשטיצער פון דער ציוויליזאציע, דאן וואלט מען אפילו ניט געטרוימט פון דעם שטרעבען צו ענדערען די עקזיסטירענדע אומשטענדען. אבער אנשטאט דעם וואס זעהען מיר? מיר זעהן אז אן אומגעהויער גרויסע צאל מענשען זיינען אומצופרידען מיט דער ציוויליזאציע און אומגליקליך אין איר, און פילען זי ווי א יאך וואס מוז אפּגעטרייסעלט ווערען; מיר זעהען אז דיזע מענשען אדער זיי טוען יעדער זאך וואס עס איז אין זייער מאכט אום צו ענדערען דיזע ציוויליזאציע, אדער זיי געהן אזוי וויט מיט זייער פיינדשאפט צו איר דאס זיי ווילען גאר ניט האבען צו טוען סיי מיט דער ציוויליזאציע סיי מיט דעם איינצוימען פון זייערע אינסטינקטען. ביי דיזען פונקט וועט מען פארוואךפען אז פאר דיזען צושטאנד פון די אנגעלעגענהייטען איז שולדיג אט דער זעלבער פאקט וואס די רעליגיע האט פארלארען א טייל פון איר איינפלוס אויף די מאסען און נאר אדאנק דעם קלאגעדיגען עפעקט פון דעם פאר־

שריט אין דער וויסענשאַפט. מיר וועלען באַמערקען דיזע צולאַסונג און די אורזאַכען וועלכע זיינען אָנגעגעבען פאַר דעם, און מיר וועלען זיך דער־מיט באַנוצען שפּעטער פאַר אונזערע אייגענע צוועקען; אָבער דער פאַר־וואורף אַליין האָט קיין מאַכט ניט.

עס איז צווייפעלהאַפט אויב די מענשען זיינען אין אַלגעמיין געווען גליקליכער אין דער צייט ווען די רעליגיעזע דאָקטרינען האָבען געהאַט אַן אומבאַגריינצטע הערשאַפט איידער זיי זיינען איצט; מער מאָראַליש זיינען זיי דאַן געוויס ניט געווען. זיי האָבען אַלעמאָל פאַרשטאַנען ווי אַזוי אָנהאַלטען בלויז אויסערליך די רעליגיעזע מצוות, און דורך דעם צונישט מאַכען זייערע אַבזיכטען. און די פּריסטער, וועלכע האָבען געדאַרפט אָרויפּצווינגען די רעליגיעזע געהאָרכזאַמקייט, האָבען האַלב צוגעשטימט צו דעם. גאָטס גוטסקייט מוז אַרויפליינען אַ צוריקהאַלטענדע האַנט אויף זיין גערעכטיגקייט. מען האָט געזינדיגט, און דאַן האָט מען געבראַכט אַ קרבן אָדער מען האָט געטאָן תשובה, און דאַן איז מען שוין געווען פריי צו זינדיגען נאָכאַמאָל. דער רוסישער מיסטיציזם איז געקומען צו דעם ער־האַבענעם באַשלוס אַז זינד איז נויטווענדיג פאַר דעם פולען גענוס פון די ברכות פון דער הייליגער גנאַדע, און דאַריבער איז דאָס, פונדאַמענטאַל, אַנגענעהם צו גאָט. עס איז גוט באַוואוסט אַז די פּריסטער האָבען נאָר אַדאַנק דיזע גרויסע קאָנצעסיעס וואָס זיי האָבען געמאַכט צו די אינ־סטינקטען, געקאָנט האַלטען די מאַסען אונטערוואָרפען צו דער רעליגיע. און אַזוי איז דאָס באַפעסטיגט געוואָרען: בלויז גאָט אַליין איז שטאַרק און גוט, דער מענש איז שוואַך און זינדיג. די אוממאָראַלישקייט, ניט ווייניגער ווי די מאָראַלישקייט, האָט צו יעדער צייט געפונען שטיצע אין דער רעליגיע. אַלזאָ אויב די עררייכונגען פון דער רעליגיע אין דעם פאַר־גרעסערען פון דעם מענשליכען גליק, און אין דעם צופּאַסען זיי צו דער ציוויליזאַציע, און אין דעם קאָנטראָלירען זיי מאָראַליש, זיינען ניט בעסער, דאַן שטעלט זיך די פראַגע צו זיינען מיר גערעכט אין דעם באַטראַכטען איר פאַר נויטווענדיג פאַר דער מענשהייט, און צו האַנדלען מיר קלוג מיט דעם באַזירען אויף איר די פאָדערונגען פון אונזער קולטור.

לאָמיר באַטראַכטען דעם ריכטיגען כאַראַקטער פון דער געגענוואַר־טיגער סיטואַציע. מיר האָבען געהערט די צולאַסונג אַז די רעליגיע האָט מער ניט דעם זעלבען איינפלוס אויף די מענשען וואָס זי פלעגט האָבען (מיר באַטראַכטען דאָ איצט די אייראָפּעאישע קריסטליכע קולטור). און

דאָס איז ניט דערפאַר וואָס אירע פאַרשפּרעכונגען זיינען געוואָרען קלע־נער, נאָר ווייל די לייטע האָבען אָנגעהויבען ווייניגער גלויבען אין זיי. לאָמיר צוגעבען אז די אורזאַכע—פיליכט ניט די איינציגע—פאַר דיזער פאַרענדערונג איז די פאָרגרעסערונג פון דעם וויסענשאַפטליכען גייסט צווישען די העכערע שיכטען פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. קריטיסיזם האָט געטאַדעלט די עכטהייט פון דער רעליגיע, די נאַטור וויסענשאַפט האָט באַוויזען די טעות'ן וועלכע זיי ענטהאַלטען, און די פאַרגלייכונג מעטאָדע פון פאָרשונג האָט אויפגעדעקט די געפערליכע עהנליכקייט צווישען די רעליגיעזע אידייען וועלכע ווערען פאַרעהרט פון אונז און די גייסטיגע שאַפונגען פון די פּרימיטיווע צייטען און מענשען.

דער וויסענשאַפטליכער גייסט ברייננגט אַרויס אַ זאָנדערבאַרע שטע־לונג צו די פּראָבלעמען פון דיזער וועלט; בעפאָר די פּראָבלעמען פון דער רעליגיע שטעלט ער זיך אָפּ פאַר אַ ווײַלע, דאַן איז ער אַביסעל ניט אַנט־שלאָסען, און ענדליך טרעט ער דאָ אויך איבער דער שוועל. אין דיזען פּראָצעס איז ניט פאַראַן קיין אָפּשטעל. וואָס מער די פּרוכט פון דעם וויסען ווערען צוגענגליך צו די מענשען, אַלץ מער פאַרשפּרייט זיך די ירידה פון דעם רעליגיעזען גלויבען, צום ערשטען נאָר פון די אָפּגעלעבטע אומאָנווענדענדע אויסדריקע אירע, און דאַן אויך פון אירע פונדאַמענטאַלע השערות. די אַמעריקאַנער וועלכע האָבען פאַראַנשטאַלטעט דעם אַפּען פּראָצעס אין דעיטאָן האָבען דאָס אַליין באַוויזען איבעראײַנשטימיג. ערגעץ אַנדערש ווערט דער אונפאַרמיידליכער איבערגאַנג דערגרייכט דורך דעם וועג פון האַלבע מאָסען און אומאויפריכטיגקייטען.

די קולטור האָט ווייניג וואָס מורא צו האָבען פאַר די געבילדעטע אָדער מאַרך אַרבייטער. אין זייער פאַל וועלען די רעליגיעזע מאָטיווען פאַר דער ציוויליזירטער אויפפירונג גאַנץ באַשיידען פאַרביטען ווערען אויף אַנדערע און וועלטליכע מאָטיוון; חוץ דעם זיינען זיי מערסטענ־טײלס זעלבסט אונטערשטיצער פון דער קולטור. אָבער עס איז אַן אַנדער אַנגעלעגענהייט מיט דער גרויסער אומגעבילדעטער און אונטערדריקטער מאַסע, וועלכע האָט יעדער אורזאַכע צו זיין שונאים פון דער קולטור. אַזוי לאַנג ווי זיי געפינען ניט אויס אַז עס זיינען פאַראַן לייטע וואָס גלויבען מער ניט אין גאָט איז אַלעס גוט און וואויל. אָבער זיי געפינען דאָס אויס, אונפעהלבאַר, און וואָלטען דאָס אויסגעפונען ווען זאָגאַר דאָס ווערק וואָלט ניט פּובליצירט געוואָרען. זיי זיינען פאַרטיג אָנצונעמען די רעזולטאַטען

פון דעם וויסענשאַפטליכען דיינקען, ניט האָבענדיג באַווירקט אין זיך זעלבסט דעם פּראָצעס פון פאַרענדערונג וועלכעס דאָס וויסענשאַפטליכע דיינקען פאַראורזאַכט אין די מענשען. איז דאַרט ניט פאַראַן אַ געפאַר אַז דיזע מאַסען, אין זייער פיינדשאַפט צו דער קולטור, וועלען אַטאַקירען דעם שוואַכען פּונקט וואָס זיי האָבען אַנטדעקט אין זייער ווערק־מייסטער? אויב דו טאָרסט ניט הרג'נען דיין שכן, נאָר דערפאַר ווייל גאָט האָט דאָס פאַרבאָטען און וועט שטאַרק באַשטראָפען דערפאַר אויף דער וועלט אָדער אויף יענער וועלט, און מיט אַמאָל געפינסטו גאָר אויס אַז עס איז ניטאָ קיין גאָט און מען דאַרף קיין מורא ניט האָבען פאַר זיין שטראָף, דאַן וועסטו געוויס הרג'נען אָהן באַדענקען, און נאָר אַן אירדישע מאַכט קאָן דיך אָפּהאַלטען פון דאָס צו טאָן. און אַזוי פאָלגט די נויטווענדיגקייט אָדער פאַר דער שטאַרקסטער אונטערדריקונג פון דיזע געפערליכע מאַסען און אַ זעהר פאָרזיכטיגע אויסשליסונג פון אַלע געלעגנהייטען פאַר אַ גייס־טיגער ערוואַכונג, אָדער אַ פונדאַמענטאַלע אונטערזוכונג פון דער באַצי־הונג צווישען קולטור און רעליגיע.

## אַכטער קאַפּיטעל

מען וואָלט דיינקען אַז דיזער לעצטער פאָרשלאַג וואָלט געקאָנט דורכגעפירט ווערען אָהן ספּעציעלע שוועריגקייטען. עס איז אמת אַז דאָס וואָלט איינוויקלען אַ געוויסע מאָס פון פאַרנייגונגען, אָבער מען וואָלט געוואונען, פיליכט, מער ווי מען וואָלט פאַרלוירען, און אַ גרויסער גע־פאַר וואָלט פאַרמידען געוואָרען. אָבער די לייטע שרעקען זיך פאַר דעם, זיי דיינקען אַז די ציוויליזאַציע וואָלט דאַדורך זיין ארויסגעשטעלט זאָגאַר צו אַ גרעסערען געפאַר. ווען סעינט באָניפאַס האָט אומגעוואָרפען דעם בוים וועלכער איז געווען פאַרעהרט אַלץ אַ הייליגער ביי די סאַקסאַנער, האָבען יענע וועלכע זיינען געשטאַנען ארום ערוואַרטעט אַז עפּעס אַ שרעק־ליכע פאַסירונג וועט פאָלגען דיזען גוואַלדטאַט. עס האָט ניט פאַסירט, און די סאַקסאַנער זיינען געטויפט געוואָרען.

עס איז אָפענבאַר אין די אינטערעסען פון דעם מענשענס געמיינ־שאַפטליכער עקזיסטענץ, וועלכעס וואָלט אַנדערש ניט געווען אויספירבאַר, אַט דאָס וואָס די ציוויליזאַציע האָט אוועק געלייגט דעם געבאָט אַז מען

זאָל ניט הרג'נען דעם שכן װעמען מען האָט פײַנט, װעלכער איז אין אימי־צענס װעג, אָדער װעמעס אײגנטום מען גלוסט. װײַל דער מערדער װאָלט אױף זיך אַרױפציען די נקמה פון דעם דערמאָרדעטענס קרובים און די פאַרבאָרגענע קנאה פון די אַנדערע װאָס האָבן אַזױ פיל אינערליכע נײגונג װי ער האָט געהאַט צו אַזעלכן אַקט פון גװאַלדטאַט. אַזױ אַרום װאָלט ער קײן לאַנגען פאַרגעניגען ניט האָבן פון זײַן נקמה אָדער רױב, ער װאָלט האָבן יעדען אױסזיכט אױף אױך אַלײן גיך גע'הרג'עט צו װערען. װען ער װאָלט זאָגאַר זיך געקאָנט פאַרטײדיגען געגען אײנצעלנע שונאים דורך זײַן אױסערגעװײנליכער קראַפט און פאָרזיכטיגקײט, װאָלט ער דאָך זיך מוזען אונטערגעבען צו אַ פאַראײניגונג פון דיזע שװאַכערע פײַנד. װען עס װאָלט ניט אַנטשטאַנען אַזאַ פאַראײניגונג װאָלט מער־דעריי אָנגעהאַלטען אונאױפהערליך, און די ענדע דערפון װאָלט זײַן אַז די מענשען װאָלטען אױסגעראָטען אײנער דעם צװײטען. עס װאָלט זײַן דער זעלבער צושטאַנד פון אַנגעלעגענהײטען צװישען אינדיװידועלען װי דער װעלכער עקזיסטירט אין קאָרסיקאַ צװישען פאַמיליעס, זאָנסט עק־זיסטירט אַזאַ צושטאַנד בלױז צװישען נאַציאָנען. די אונזיכערקײט פון דעם לעבען, אַ גלײַכער געפאַר פאַר אַלעמען, פאַראײניגט איצט די מענ־שען אין אײן געזעלשאַפט, װעלכע פאַרבאָט דעם אינדיװידועל צו הרג'נען און פאַרהאַלט פאַר זיך זעלבסט דאָס רעכט צו הרג'נען אין דעם נאָמען פון דער געזעלשאַפט דעם מענשען װעלכער פאַרשװעכט דיזען פאַרבאָט. אָט דאָס, דאַן, איז גערעכטיגקײט און שטראָף.

מיר דערצײלען, פונדעסטװעגען, ניט צו אַנדערע פון דיזען ראַציאָ־נאַלען גרונד פאַר דער מאָרד פאַרבאָטונג; פאַרקעהרט, מיר דערקלערען אַז גאָט איז דער אױטאָר דערפון. און אַזױ, מאַכענדיג דרײסט צו פאַרהײ־ליגען זײַנע אַבזיכטען, געפינען מיר אױס, אַז ער האָט אױך ניט קײן װאונש אַז די מענשען זאָלען זיך אױסראָטען אײנער דעם צװײטען. דורך דיזער האַנדלונג שליסען מיר אײַן די קולטורעלע פאַרבאָטונג אין אַ גאַנץ זאָנדערבאַרער עהרפורכטיגקײט, אָבער אין דער זעלבער צײַט ריזיקירען מיר צו מאַכען די באָאָבאַכטונג אָפּהענגיג פון דעם גלױבען אין גאָט. װען אָבער מיר ציהען צוריק דיזען שריט, מיר באַלאַסטען מער ניט גאָט מיט אונזערע אײגענע װאונשען, און מיר שטעלען זיך צופרידען מיט דער סאָ־ציאַלער גערעכטיגקײט אַלס גרונד פאַר דעם קולטורעלען פאַרבאָט, דאַן פאַרלײקענען מיר, עס איז אמת, זײַן הײליגען נאַטור, אָבער מיר פאַר־מײדען אױך מיט דעם צו שטעלען אין געפאַר זײַן עקזיסטענץ. און מיר

געווינען אין דער זעלבער צייט נאָך עפּעס אַנדערש אויך. דורך עפּעס איין אויסגיסונג אָדער אָנשטעקונג האָט זיך דער כאַראַקטער פון הייליגקייט און אומפאַרברעכליקייט, פון אַנדערע וועלטליכקייטען קאָן מען זאָגען, אויסגעשפּרייט פון אייניגע וויכטיגע פאַרבאָטונגען צו אַלע אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס און געזעצען און פאַראָרדנונגען. און אָפט פּאַסט זיך דער ליכט־קרייז צו דיזע ניט צו גוט; ניט נאָר מאַכען זיי אונגילטיג איינער דעם אַנדערען דורך שטרייטענדע באַשליסע וועגען דער צייט און פּלאַץ פון זייער אָפּשטאַם; נאָר אפילו חוץ דעם געבען זיי אויס יעדען סימן פון מענשליכער מאַנגעלהאַפטיגקייט. מען קאָן לייכט דערקענען צווישען זיי זאַכען וועלכע קאָנען נאָר זיין דער פּראָדוקט פון קורצזיכטיגקייט און שרעקעדיגקייט, דער אויסדרוק פון באַגריינצטען אינטערעס, אָדער דער רעזולטאַט פון מאַנגעלהאַפטער היפּאָטהעזע. דער קריטיציזם צו וועלכען מען מוז זיי אונטערוואַרפען פאַרקלענערט אויך צו אַן אומגעוואונשטער מאָס דעם מענשענס רעספּעקט פאַר אַנדערע און מער באַרעכטיגטע קולטורעלע פאָדערונגען. און אַזוי ווי עס איז אַ דעליקאַטע אויפגאַבע צו אַנטשיידען וועלכעס גאָט אַליין האָט באַפעהלען און וועלכעס שטאַמט נאָר אָפּ פון דער אויטאָריטעט פון אַן אַלמעכטיגען פּאַרלאַמענט אָדער אַ העכסטע געריכטליכע אַנטשיידונג, וואָלט דאָס זיין אַן אונצווייפעלהאַפטער פאָרצוג אין גאַנצען אַרויסלאָזען גאָט פון דער פראַגע און אויפריכטיג צולאָזען דעם ריינעם מענשליכען אורשפּרונג פון אַלע קולטורעלע געזעצען און אינסטיטוציעס. און מיט דעם וועלען זיך אויך אויפהערען זייערע פּרעטענזיעס צו פאַרהייליגען דעם שטרייגגען און אומפאַרענדערטען כאַראַקטער פון דיזע געזעצען און רעגולאַציעס. די מענשען וואָלטען רעאַליזירען אַז דיזע געזעצען זיינען געמאַכט געוואָרען ניט צוליב דעם זיי זאָלען הערשען איבער זיי, נאָר, פאַרקעהרט, זיי זאָלען דינען זייערע אינטערעסען; זיי וואָלטען אָננעמען אַ מער פריינדליכע שטעלונג צו זיי, און אַנשטאָט צו שטרעבען פאַר זייער פאַרניכטונג וואָלטען זיי נאָר שטרעבען צו פאַרבעסערען זיי. דאָס וואָלט זיין אַ וויכטיגער פאָרשריט אויף דעם וועג וואָס פירט צו ברייננען אין האַרמאָני מיט דעם יאָך פון דער קולטור.

אָבער דאָ ווערט אונזער פאַרטיידיגונגס רעדע פאַר אַ ריינעם ראַציאָנאַלען גרונד פאַר די קולטורעלע געזעצען, דאָס מיינט צו זאָגען, אַז זיי שטאַמען אָפּ פון געזעלשאַפטליכער נויטווענדיגקייט, אונטערבראָכען ביי אַ פּלוצלומדיגען צווייפעל. מיר האָבען אויסגעקליבען פאַר אונזער ביי־

שפּיל דער אורשפּרינג פון מאָרד פאַרבאָטונג. אָבער טוט אונזער באַ־ריכט וועגען דעם שטימען מיט די היסטאָרישע אמת'ן? מיר האָבען מורא אַז ניין; דאָס ערשיינט צו זיין בלויז אַ ראַציאָנאַליסטישע קאָנסטרוקציע. מיט דער הילף פון פּסיכאָ־אַנאַליז האָבען מיר געשטודירט אָט דיזען פאַקט אין דער היסטאָרי פון דער מענשליכער קולטור, און געשטיצט אויף דיזע שטודיעס זיינען מיר פאַרפליכטעט צו זאָגען אַז אין ווירקליכען האָט דאָס אַזוי ניט פּאַסירט. אפילו אין די היינטיגע מענשען זיינען די ריינע שכל'דיגע מאָטיווען פון קליינע נוצען געגען די ליידענשאַפטליכע אימ־פּולסען. וויפיל שוואַכער, דאַן, האָבען זיי געמוזט זיין אין דעם אור־שפּרינגליכען חיה־מענשען! פילייכט זאָגאַר איצט וואָלטען זיינע אָב־שטאַמלינגס נאָך גע'הרג'עט איינער דעם צווייטען אומגעשטערט ווען עס וואָלט דאָרט ניט געווען צווישען יענע אַקטען פון מאָרד איינער—דאָס הרג'ענען פון דעם אורשפּרינגליכען פאָטער—וועלכעס האָט אַרויסגערופען אַן אומווידערשטעהגליכע עמאָציאָנעלע רעאַקציע, וויכטיג אין זיינע קאָנ־סעקווענצען. פון דעם איז אַרויס געקומען דער פאַרבאָט: דו זאָלסט ניט הרג'נען, וועלכעס איז אין טאָטעמיזם געווען באַגריינצט צו דעם פאָטער־סובסטיטוט, און האָט זיך שפּעטער אויסגעשפּרייט צו אַנדערע, אָבער וועלכעס איז זאָגאַר היינט צו טאָג ניט איבעראַל שטאַרק געאַכטעט.

אָבער לויט די אַרגומענטען וועלכע איך באַדאַרף דאָ ניט איבער־חזר'ען, איז דער אורשפּרינגליכער פאָטער געווען דאָס פאָרבליד פון אַ גאָט, דער מוסטער לויט וועלכען די שפּעטערדיגע דורות האָבען אויסגע־פורמט זייער געטליכע פיגור. דאַריבער איז די רעליגיעזע ערקלערונג ריכטיג. גאָט איז ווירקליך געווען באַטרעפענד אין דעם אורשפּרינג פון דיזען פאַרבאָט; זיין איינפלוס, ניט זיין איינבליק אין דעם וואָס עס איז געווען נויטווענדיג פאַר דער געזעלשאַפט, האָט דאָס געבראַכט צום עק־זיסטירען. און דער פּראָצעס פון דעם צושרייבען דעם מענשענס ווילען צו גאָט איז פול באַרעכטיגט; ווייל די מענשען, וויסענדיג אַז זיי האָבען אַזוי ברוטאַל באַזייטיגט דעם פאָטער, האָבען באַשלאָסען, אין דער רע־אַקציע צו זייער געוואַלדטאַט, צו רעספּעקטירען זיין ווילען אין דער צו־קונפט. און אַזוי גיט אונז די רעליגיעזע דאָקטרין דעם היסטאָרישען אמת, כאָטש, אפילו אין עטוואָס אַ רעמאָדעלטער און פאַרשטעלטער פאָרם; אונזער ראַציאָנאַלע ערקלערונג לייקענט דאָס אָפּ.

מיר באַמערקען איצט אַז די זאַמלונג פון די רעליגיעזע אידייען ענט־

האַלטען ניט נאָר וואונש־ערפילונגען, נאָר אויך וויכטיגע היסטאָרישע עראינערונגען. וואָס פאַר אַן אומפאַרגלייכבאַרע, וואָס פאַר אַן איבערפלוס פון קראַפט מוז דיזע קאָמבינאַציע פון דעם עבר און הוה געבען צו דער רעליגיע! אָבער מיט דער הילף פון אַנאַלאָגיע קאָנען מיר פיליכט געפינען אונזער וועג צו אַן אַנדער איינבליק פון דעם פראָבלעם. עס איז ניט קיין גוטע זאַך צו איבערפלאַנצען אידייען ווייט אַוועק פון דעם באָדען אין וועלכען זיי זיינען געוואַקסען, אָבער מיר קאָנען זיך ניט צוריקהאַלטען פון אָנצודייטען די עהנליכקייט וועלכע פאָרמירט דיזע אַנאַלאָגיע. מיר ווייסען אַז דאָס מענשליכע קינד קאָן ניט זעהר גוט פאַרענדיגען זיין אַנטוויקלונג צו דער קולטור ניט דורכגעהענדיג אַ מער אָדער ווייניגער דייטליכע פאַזע פון ניאָראַסיס. דאָס איז ווייל דאָס קינד איז ניט אימשטאַנד צו אונטערדריקען דורך אַ ראַציאָנאַלער גייסטיגער אָנשטריינגונג אזוי פיל פון יענע אינסטינקטועלע אימפולסען וועלכע קאָנען שפעטער ניט גענומען ווערען אין אַכט, אָבער ער דאַרף זיי איינהאַלטען דורך די טאַטען פון רעפרעסיע,* הינטער וועלכער עס שטעהט אַלס אַ כלל אַן אַנגסט מאָטיוו. די מערסטע פון דיזע קינדערשע ניאָראַסיסען ווערען איבערגעקומען נאַטירליכערווייזע ווען מען וואַקסט אויס, און ספעציעל איז דאָס דער שיקזאַל פון דער פסיכאָ־ניאָראַסיס פון דער קינדהייט. דאָס איבערגעבליבענע קאָן אויסגעלייטערט ווערען אויך שפעטער דורך דער פסיכאָ־אַנאַליטישער באַהאַנדלונג. און פונקט אין דעם זעלבען וועג קאָן מען באַהויפטען אַז אין איר אַנטוויקלונג דורך די אַלע צייטען מאַכט די מענשהייט אַלס אַ גאַנצע דורך באַדינגונגען וועלכע זיינען עהנליך צו דער ניאָראַסיס, און דאָס איז איבער די זעלבע אורזאַכען, ווייל אין די יאָרען פון איר אונוויסענהייט און שוואַכן אינטעלעקט האָט זי דערגרייכט דורך ריינע עפעקטישע מיטלען די אינסטינקטועלע אָפנייגונגען, וועלכעס איז אונפאַרמיידליך נויטיג פאַר דעם מענשענס געמיינשאַפטליכער עקזיסטענץ. און דאָס איבערבלייבעכץ פון דיזע רעפרעסיע־עהנליכע פראָצעסן, וועלכע זיינען ענטשטאַנען אין די אַלטע צייטן, האָט זיך לאַנג נאָכגעשלעפט צו דער ציוויליזאַציע. און אַזוי אַרום איז די רעליגיע די אוניווערסאַלע פסיכאָ־ניאָראַסיס פון דער מענש־

---

*Properly, repression should be used for voluntary exclusion; repression, for involuntary exclusion of ideas and desires in the theory of Psycho-analysis.

הייט. אירע, ווי דעם קינדס, שטאַמט אָפּ פון „אָעדיפּוס קאָמפּלעקס,*
די באַציאונג צו דעם פאָטער. לויט דיזען באַגריף קאָן מען נביאות זאָגען
אַז די פאַרלאָזונג פון דער רעליגיע וועט ענטשטעהען מיט דער געטרייער
אונערביטליכקייט פון דעם פּראָצעס פון וואַקסען, און אַז מיר זיינען איצט
נאָר אין דער מיט פון דיזער פאַזע פון אַנטוויקלונג.

אַזוי וואָלטען מיר באַדאַרפט אויספורעמען אונזער אויפפירונג לויט
דעם מאָדעל פון אַ שכל׳דיגען לעהרער, וועלכער שטעלט זיך ניט אַנט־
געגען דער נייער אַנטוויקלונג וועלכע שטעהט פאַר אים, נאָר זוכט דאָס
נאָך צו פאַרשנעלערען און צו מילדערען די שוועריגקייט פון דעם אָנפאַנג.
צו זיין זיכער דיזע אַנאַלאָגיע ערשעפּט ניט דעם עסענץ פון דער רעליגיע.
אויב אין איין זייט ברייננגט די רעליגיע מיט זיך פּסיכישע באַגריינצונגען,
וועלכע קאָנען נאָר פאַרגלייכט ווערען צו איין אינדיווידועלער פּסיכאָ־
ניאָראָסיס, ענטהאַלט זי אין דער אַנדערער זייט אַ סיסטעם פון וואונש־
אילוזיעס, אונפאַראייגבאַר מיט דער ווירקליכקייט, אַזעלכע ווי מיר גע־
פינען נאָר אין אַן אָפּגעזונדערטער פאָרם אין meynerto amentia
אַ צושטאַנד פון גליקזעליגער האַלוסיאַנאַצירטער פאַרווירטקייט. אָבער
דיזע זיינען נאָר בלויז פאַרגלייכונגען מיט וועמעס הילף מיר קאָנען שטרע־
בען צו פאַרשטעהן די סאָציאַלע פענאָמענא; אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע
פאַרזאָרגט אונז ניט מיט אַ פּינקטליכען דופּליקאַט.

עס איז באַוויזען געוואָרען אונצעליגע מאָל ביי מיר און באַזונדערס
ביי טעאָדאָר רעיק, ביז צו אַ וואָסערע איינצעלהייטען די אַנאַלאָגיע פון
רעליגיע און פּסיכאָ־ניאָראָסיס קאָן נאָכגעפאָלגט ווערען, וויפיל פון די
אומענדערונגען און זאָנדערבאַרקייטען פון דעם פאָרמירען פון דער רעליגיע
עס קאָן פאַרשטאַנען ווערען אין דיזען וועג. און עס שטימט גוט מיט
דעם וואָס דער אמת׳ער גלויביגער איז אין אַ הויכען גראַד באַשיצט געגען
דער געפאַר פון געוויסע ניאָראָטישע ליידען; אָננעמענדיג די אוניווערסאַלע
ניאָראָסיס איז ער געשוינט פון דער אויפגאַבע צו פאָרמירען אַ פּערזענליכע
ניאָראָסיס.

אונזער וויסען וועגען דער היסטאָרישער ווערט פון געוויסע רעלי־

*Repressed desire for incestuous relationships held by Psycho-analysts to be practically universal.

גיעזע דאָקטרינען פארגרעסערט אונזער רעספעקט פאר זיי, אָבער עס מאכט ניט אומגילטיג אונזער פאָרשלאַג צו אויסשליסען זיי פון דער מאָ־טיווירונג פאר די קולטורעלע געזעצען. אומגעקערט! דיזער היסטאָרי־שער אָבזאַץ האָט אונז געגעבען אַ קאָנסעפּציע פון רעליגיעזע דאָגמען אַלס, אַזוי צו זאָגען, ניאָראַטישע איבערבלייבעכצען, און איצט קאָנען מיר זאָגען אַז די צייט איז שוין ווארשיינליך געקומען צו פאַרבייטען די פאָלגען פון רעפּרעסיע ביי די רעזולטאַטען פון ראַציאָנאַלער גייסטיגער אָנשטרייננגונג, אַזוי ווי אין דער אַנאַליטישער באַהאַנדלונג פון ניאָראַטיקס. מען קאָן פאָראויס זאָגען, און קוים באַדויערען, אַז דיזער פּראָצעס פון רעמאָדלען וועט זיך ניט אָפּשטעלען און באַנוגענען מיט דעם צושטרייען פון די פּיי־ערליכע לופט פון דער הייליגקייט וועלכע רינגעלט ארום די קולטורעלע געזעצען, נאָר אַז אַן אַלגעמיינע רעוויזיע פון דיזע דאָגמען וועט מוזען פאַראורזאַכען די פאַרניכטונג פון פילע פון זיי. און דאָס וועט אונז פיל ארויס העלפען צו לייזען אונזער אָנגעדייטעטען פּראָבלעם פון פאַראיינען די מענשען צו דער ציוויליזאציע. מיר דארפען ניט באַדויערען דעם פאַר־לוסט פון דעם היסטאָרישען אמת וועלכעס איז פאַרוויקעלט מיט דעם אָננעמען די ראַציאָנאַלע מאָטיווירונג פאר די קולטורעלע געזעצען. די אמת'ן וועלכע די רעליגיעזע דאָקטרינען ענטהאַלטען זיינען נאָכאַלעמען אַזוי פאַרדרעהט און סיסטעמאַטיש פארשטעלט דאָס די מענשליכע מאַסע קאָן זיי ניט דערקענען אַלס אמת. עס איז אַ ביישפּיל פון דער זעלבער זאַך ווען מיר דערציילען דעם קינד אַז ניי געבוירענע קינדער ווערען גע־בראַכט ביי אַ שטאָרק. דאָ, אויך, זאָגען מיר דעם אמת אין אַ סימבאָלישען געשטאַלט, ווייל מיר ווייסען וואָס יענער גרויסער פויגעל באַדייטעט. אָבער דאָס קינד ווייסט דאָס ניט; ער הערט נאָר דאָס פאַרדרעהטע, און פילט אַז מען האָט אים אָפּגענאַרט; און מיר ווייסען ווי אָפט זיין ווידער־שפּעניגקייט און זיין אונצוטרוי צו די דערוואַקסענע איז פאַרבונדען מיט דיזען איינדרוק. מיר זיינען געקומען צו דעם באַשלוס אַז עס איז בעסער צו פאַרמיידען אַזעלכע סימבאָלישע פאַרדרעהענישען פון דעם אמת, און צו באַרעכטיגען דעם קינד דאָס וויסען פון דעם ריכטיגען צושטאַנד פון די אַנגעלעגענהייטען אין אַזאַ וועג וואָס פאַסט זיך פאַר דעם צושטאַנד פון זיין גייסטיגער אַנטוויקלונג.

## ניינטער קאַפּיטעל

„דו ערלויבסט זיך ווידערשפּרוכען וועלכע זיינען שווער צו פאַר־איינען איינער צום צווייטען. צום ערשטען דערקלערסטו אַז אַזאַ ווערק ווי דיינע איז גאַנץ אונשעדליך; קיינער וועט זיך ניט לאָזען רויבען פון זיין רעליגיעזען גלויבען דורך אַזעלכע דיסקוסיעס. אָבער זינט, ווי עס איז שפּעטער באַוויזען געוואָרען, עס איז דיין ציעל צו צושטערען דיזען גלויבען, קאָן מען פרעגען: פאַרוואָס־זשע אין פאַקט טוסטו דאָס פּוב־ליצירען? ביי אַן אַנדער פּונקט, פונדעסטוועגען, גיסטו צו אַז עס קאָן פיללייכט זיין געפעהרליך, ווירקליך זעהר געפעהרליך, פאַר אַ מענשען צו אַנט־דעקען אַז לייטע גלויבען מער ניט אין גאָט. אָבוואָהל ער איז ביז אַצינד געווען געהאָרכזאַם, וועט ער איצט אַראָפּ וואַרפען אינגאַנצען זיין טריי־הייט צו די געזעצען פון דער קולטור. דיין גאַנצער אַרגומענט, אַז די רעליגיעזע מאָטיווירונג פון די קולטורעלע געבאָטען באַדייטען אַ געפאַר פאַר דער קולטור, איז געבויט, אין פאַקט, אויף דער השערה אַז דער גלויי־ביגער קאָן געמאַכט ווערען פאַר אַן אומגלויביגען. אָבער דאָס איז דאָך אַ פולשטענדיגער ווידערשפּרוך.

„און אָט איז אַן אַנדער ווידערשפּרוך: דו גיסט צו אין איין זייט אַז דער מענש וויל ניט געפירט ווערען ביי דער אינטעליגענץ; ער איז געפירט ביי זיינע ליידענשאַפטען און ביי די פאָדערונגען פון זיינע אינ־סטינקטען; אָבער אין דער אַנדערער זייט שלאָגסטו פאָר צו פאַרבייטען דעם עמאָציאָנעלען גרונד פון זיין טרייהייט צו דער קולטור ביי אַ ראַציאָ־נאַלען. זאָל דער דאָס פאַרשטעהן וועך עס קאָן. צו מיר זעהט דאָס אויס אַ פאַל פון איינעם אָדער פון דעם צווייטען.

„אַחוץ דעם, האָסטו גאָר ניט געלערנט פון היסטאָרי? שוין אַמאָל פריהער איז געמאַכט געוואָרען אַזאַ פאַרזוך צו פאַרבייטען די רעליגיע פאַר דעם פאַרשטאַנד, אָפיציעל און אויף אַ גראַנדיעזען שטייגער. געוויס גע־דיינקסטו די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און ראָבעספּירן און אויך ווי קורץ זי האָט געלעבט און ווי טרויעריג און אומווירקזאַם עס איז געווען דער עקספּערימענט? דאָס ווערט אַצינד איבער גע'חזר'ט אין רוסלאַנד, און מיר דאַרפען ניט זיין נייגעריג וועגען דעם רעזולטאַט. דיינקסטו ניט דאָס מיר מוזען באַהויפּטען אַז דער מענש קאָן ניט אויסקומען אָהן רעליגיע?

„דו האָסט אַליין געזאָגט אַז רעליגיע איז מער ווי אַ פּסיכאָ־ניאָראָסיס, אָבער דו האָסט ניט באַהאַנדלט דעם אַנדערען אַבזיכט פון דעם. דו ביזט צופרידען צו אויסאַרבייטען די אַנאַלאָגיע מיט דער ניאָראָסיס. די מענשען מוזען באַפרייט ווערען פון אַ ניאָראָסיס. און וועגען עפּעס אַנדערש וואָס עס ווערט פאַרלוירען אין דעם פּראָצעס קימערט דיך ניט“.

וואַרשיינליך זיינען דיזע אויגענשיינליכע ווידערשפּרוכען אויסגע־וואַקסען ווייל איך האָב צו האַסטיג געהאַנדעלט מיט פאַרוויקעלטע אַנ־געלעגענהייטען, אָבער מיר קאָנען אָפּ מאַכען פאַר דיזען צו אַ געוויסען גראַד. איך באַהויפּט נאָך אַלץ אַז אין איין רעספּעקט איז מיין ווערק אונשעדליך. קיין גלויביגער וועט זיך ניט לאָזען אראָפּ פירען פון דעם וועג ביי דיזע אָדער עהנליכע אַרגומענטען. אַ גלויביגער האָט געוויסע אַפּפעקטישע קניפּען וואָס בינדען אים צו צו דעם עיקר פון דער רעליגיע. עס זיינען געוויס פאַראַן אַ גרויסע צאָל פון אַנדערע לייטע וועלכע זיינען רעליגיעז ניט אין דעם זעלבען זינען. זיי פאָלגען די געזעצען פון דער ציוויליזאַציע ווייל זיי זיינען אָנגעשראָקען ביי דעם סטראַשען פון דער רעליגיע, און זיי האָבען מורא פאַר דער רעליגיע אַזוי לאַנג ווי זיי באַ־טראַכטען איר אַלס אַ טייל פון דער ווירקליכקייט וואָס באַשרייַנקט זיי. דיזע זיינען די לייטע וועלכע ברעכען זיך אָפּ פריי אַזוי גיך ווי זיי וואַגען אויפגעבען זייער גלויבען אין דער ווערט פון איר ווירקליכקייט; אָבער אַרגומענטען מאַכען אויף זיי אויך ניט קיין עפעקט. זיי הערען אויף מורא האָבען פאַר דער רעליגיע ווען זיי געפינען אַז אַנדערע האָבען פאַר איר קיין מורא ניט, און וועגען דיזע האָב איך באַהויפּטעט אַז זיי וואָלטען אויסגעפינען וועגען דער ירידה פון דעם רעליגיעזען איינפלוס זאָגאַר ווען איך וואָלט ניט פּובליצירט מיין ווערק.

אָבער איך דענק אַז דו זעלבסט בינדסט צו מער וויכטיגקייט צו דעם אַנדערען ווידערשפּרוך מיט וועלכען דו באַשולדיגסט מיך. זינט די מענשען וואַרפען זיך נאָר עטוואָס אונטער צו פאַרשטענדליכע אַרגומענטען, אָבער לאָזען זיך דאַגעגען פולשטענדיג באַהערשען פון זייערע אינסטינק־טועלע פאַרלאַנגען, וואָרום־זשע זאָל מען וועלען אַוועק נעמען פון זיי אַ מיטעל וואָס באַפרידיגט זייערע אינסטינקטען און אים פאַרבייטען ביי פאַרשטענדליכע אַרגומענטען? געוויס מענשען זיינען אַזוי, אָבער האָסטו זיך געפרעגט צו זיי דאַרפען זיין אַזוי, צו זייער אינערסטע נאַטור מאַכט דאָס נויטווענדיג? קאָן אַן אַנטראָפּאָלאָג געבען דעם שאַרבען־אינהאַלט

פון אַ פאָלק וועמעס מנהג איז צו פאַרדאַרבען דעם געשטאַלט פון זייערע קינדערס קעפּ דורך דעם באַנדאַזשירען זיי פון יונגערהייט אָן? דענק פון דעם שמערצליכען קאָנטראַסט צווישען דעם שטראַלענדען פאַרשטאַנד פון אַ געזונד קינד און דער שוואַכער גייסטיגקייט פון דעם דורכשניטליכען דערוואַקסענעם. איז דאָס טאַקע דורכאויס אוממעגליך אַז עס איז נאָר די רעליגיעזע ערציאונג וואָס דאַרף באַשולדיגט ווערען אין באַצוג פון דיזען געמיין ווערען? איך דענק אַז עס וואָלט נעמען זעהר אַ לאַנגע צייט איידער אַ קינד וועלכעס איז ניט באַאיינפלוסט וועט זיך אָנפאַנגען צו קימערען וועגען גאָט און זאַכען פון עולם הבא. פיליכט וואָלטען דאַן זיינע געדאַנקען אין דיזע אַנגעלעגענהייטען נעמען דעם זעלבען קורס ווי זיי האָבען געטון ביי זיינע אור־עלטערן; אָבער מיר וואַרטען ניט פאַר דיזער אַנטוויקלונג; מיר באַקענען אים מיט די רעליגיעזע דאָקטרינען אין אַ צייט ווען ער איז אי ניט פאַראינטערעסירט אין זיי אי ער איז ניט אימ־שטאַנד צו באַגרייפען זייער באַדייטונג. איז דאָס ניט אמת אַז די צוויי הויפּט פּונקטען אין דער מאָדערנער בילדונגס פּראָגראַם זיינען דאָס אָפּלייגען אויף וואָס שפּעטער פון דער סעקסועלער אַנטוויקלונג און די פריהע אָנווענדונג פון דעם רעליגיעזען איינפלוס? אַזוי אַז ווען דעם קינדס פאַרשטאַנד ערוואַכט, זיינען שוין די רעליגיעזע דאָקטרינען אונאָנ־גרייפבאַר. אָבער דיינקסטו אַז דאָס איז באַזונדערס ניצליך צו דער פאַר־שטאַרקערונג פון דער גייסטיגער פונקציע אַז אַזאַ וויכטיגע ספערע זאָל זיין פאַרשלאָסען צו אים ביי דעם סטראַשען מיט די שמערצען פון גיהנום? מיר דאַרפען ניט זיין שטאַרק איבערראַשט איבער דער שוואַכער גייסטיג־קייט פון דעם מענשען וואָס האָט זיך אַמאָל געבראַכט אָנצונעמען אָהן קריטיזיסם אַלע אַבסורדען וואָס די רעליגיעזע דאָקטרינען חזר'ן איבער צו אים, און זאָגאַר צו פאַרזעהן די ווידערשפּרוכען צווישען זיי. איצט האָבען מיר קיין אַנדערע מיטלען אויף צו קאָנטראָלירען אונזערע אינ־סטינקטען דען אונזער אינטעליגענץ. און ווי קאָנען מיר ערוואַרטען אַז לייטע וועלכע זיינען באַהערשט ביי די דאַנקען־פאַרבאָטונגען זאָלען ער־רייכען דעם פּסיכאָלאָגישען אידעאַל דאָס עלעמענטאַרע פון דער אינטעל־ליגענץ? דו ווייסט אויך אַז פרויען אין אַלגעמיין, ווערט געזאָגט, ליידען פון דער אַזוי אָנגערופענער „פּסיכאָלאָגישער שוואַכער־פאַרשטענדליכ־קייט,“ ד. ה. אַן אָרימערע אינטעליגענץ דען דעם מאַנס. דער פאַקט זעלבסט איז שטרייטבאַר, זיין ערקלערונג צווייפעלהאַפט; אָבער עס איז דיספּוטירט געוואָרען צוליב דער אונטערשטיצונג פון דיזער אינטעלעקטו־

עלער דעגענעראַציע וואָס די פרויען ארבייטען אונטער דער גרויזאַמקייט פון דער פאַרצייטיגטער פאַרבאָטונג, וועלכע האָט זיי געשטערט פון אַנ־צווענדען זייער אינטעליגענץ צו דעם וואָס וואָלט זיי אַממערסטען אינ־טערעסירט, דאָס מיינט צו זאָגען, צו די פּראָבלעמען פון דעם סעקסועלען לעבען. אזוי לאַנג ווי אַ מענשענס פריהעסטע יאָרען זיינען באאיינפלוסט ביי דער רעליגיעזער דיינקען־פאַרבאָטונג און ביי די וואָס קומען ארויס פון איר, אזוי גוט ווי ביי דער סעקסועלער, קאָנען מיר ריכטיג ניט זאָגען וואָס ווירקליך אַזוינס ער איז.

אָבער איך וועל צוריקהאַלטען מיין נייגירדע און וועל צולאָזען די מעגליכקייט אַז אין אויך יאָג זיך נאָך אַן אילוזיע. פּילייכט איז דער עפעקט פון דער רעליגיעזער דיינקען־פאַרבאָטונג ניט אזוי שלעכט ווי איך באַהויפּטע, פּילייכט וועט זיך ארויסווייזען אַז די מענשליכע נאַטור בלייבט די זעלבע אַפילו ווען די בילדונג איז ניט באַטריגען דורך איר אונטער־געוואָרפענקייט צו דער רעליגיע. איך ווייס דאָס ניט, און דו קאָנסט דאָס אויך ניט וויסען. ניט נאָר זיינען דאָס די גרעסטע פּראָבלעמען פון דעם לעבען וועלכע זעהן איצט אויס צו זיין אונלעזבאַר; עס זיינען אויך פאַראַ־נעען פיל קלענערע פראַגען וואָס זיינען שווער צו אַנטשיידען. אָבער דו מוזט צו געבען אַז עס איז דאָ פאַראַן אַ באַרעכטיגונג פאַר אַ האָפנונג אין דער צוקונפט, אַז פּילייכט וועלען מיר אויס גראָבען אַן אוצר וועלכער וועט קאָנען באַרייכערען די קולטור, און עס איז וואויל ווערט די מיה צו מאַכען דעם עקספּערימענט פון אַן אונרעליגיעזער בילדונג, זאָל זיך דאָס ארויס־ווייזען ניט צופרידענשטעלענד, בין איך גרייט אָפּצוגעבען די רעפאָרם און זיך אומקערען צו דעם פריהערדיגען, ריינעם באַשריבענעם אורטייל: דער מענש איז אַ באַשעפעניש מיט אַ שוואַכער אינטעליגענץ וועלכער ווערט רעגירט ביי זיינע אינסטינקטועלע באַגערען.

עס איז נאָך פאַראַן אַן אנדער פונקט אין וועלכען איך בין מיט דיר איינשטימיג מיט דעם גאַנצען האַרצען. עס איז, צו זיין זיכער, אַן אומ־זיניגע האַנדלונג צו פּרובירען אָפּצושאַפען די רעליגיע דורך צוואַנג און מיט איין מאָל—איבערהויפּט ווען דאָס איז אַ האָפנונגסלאָזער פאַל. דער גלויביגער וועט ניט לאָזען מען זאָל אַוועק נעמען פון אים דאָס גלויבען ניט ביי אַרגומענטען און ניט דורך פאַרבאָטונגען. און ווען עס זאָל זאָגאַר געלונגען מיט איינינגע, וואָלט דאָס זיין אַ גרויזאַמע זאַך אזוי צו טון. אַ מענש וועלכער האָט פאַר צענדליגער יאָרען איינגענומען שלאָף געטראַנק

איז נאַטירליך ניט אימשטאַנד איינצושלאָפּען אָהן דיזען מיטעל. אַז דער עפעקט פון די טרויסטען פון דער רעליגיע קאָן פאַרגלייכט ווערען צו דעם פון אַ נאַרקאָטישען איז זעהר גוט אילוסטרירט ביי דעם וואָס עס קומט פאָר אין אַמעריקע. זיי פּרובירען דאָרט אַצינד—פּשוט אונטער דעם איינפלוס פון אַ קלעדילדיגער רעגירונג—אַוועק צו נעמען פון די מענשען אַלע רייצענדע מיטלען, באַטויבענדע געטראַנקען און לוקסוסען, און אָנזעטיגען זיי מיט גלויבען אַליין אַ באַגיטיגונג. דאָס איז אַן אַנדער עקספּערימענט וועגען דעם רעזולטאַט איבער וועלכען מיר דאַרפען ניט זיין נייגעריג. און אַזוי אויך בין איך ניט איינפאַרשטאַנען מיט דיר ווען דו האַלטסט אין איין אַרגומענטירען אַז דער מענש קאָן אין אַלגעמיין ניט אויסקומען אָהן די טרויסטען פון דער רעליגיעזער אילוזיע, דאָס אָהן איר וואָלט ער ניט איבערטראָגען די צרות פון דעם לעבען, די גרויזאַמקייט פון דער ווירקליכקייט. געוויס, דאָס איז אמת וועגען דעם מענשען אין וועלכען דו האָסט אַריינגעטריפט די זיסע—אָדער די ביטערע־זיסע—גיפט פון קינדווייז אָן. וואָס איז אָבער מכח די אַנדערע, וועלכע זיינען דערצויגען געוואָרען ניכטער? פיליכט דער, וועלכער וועט ניט ליידען פון אַ ניאָראַסיס, וועט ניט דאַרפען קיין באַרוישונג מיטעל צו פאַרטויטען דאָס. אמת, דער מענש וועט זיך דאַן געפינען אין אַ שווערער סיטואַציע. ער וועט דאַרפען מודה זיין אויף זיין גאַנצער הילפלאָזיגקייט אין זיין אונוויכטיגער ראָלע אין דער אַרבייט פון דעם אוניוועסם; ער וועט דאַרפען מודה זיין אַז ער איז ניט מער דער צענטער פון דער באַשאַפונג, ניט מער דער אָביעקט פון דער צערטליכער אויפפאַסונג פון אַ וואוילטעטיגער השגחה. ער וועט זיין אין דער זעלבער פּאָזיציע ווי אַ קינד וועלכעס האָט פאַרלאָזען די היים וואו ער האָט זיך געפילט אַזוי וואַרים און באַקוועם. אָבער, נאָכאַלעמען, איז דען ניט דער שיקזאַל פון קינדערשקייט צו איבער געקומען ווערען? דער מענש קאָן ניט פאַרבלייבען אַ קינד אויף אייביג; ער מוז זיך סוף כל סוף וואַגען אין דער פיינדלאַכער וועלט אריין. דאָס קאָן אָנגערופען ווערען „ערציהונג צו ווירקליכקייט“; באַדאַרף איך דיר זאָגען אַז דאָס איז דער איינציגער צוועק פון מיין בוך צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט אויף דער נויטווענדיגקייט פון דיזען פאָרשריט?

דו האָסט מורא, ווארשיינליך, אַז ער וועט ניט אויסהאַלטען די פּראָבע? גוט, יעדענפאַלס, לאָמיר זיין האָפנונגספול. עס איז אַמווייניגסטענס ווערט עפּעס צו וויסען אַז מען מוז זיך פאַרלאָזען אויף אייגענע מיטלען. מען לערנט דאַן ווי אַזוי געהעריג זיי צו געברויכען. און דער

מענש איז ניט אינגאַנצען אָהן הילפס מיטלען; זינט דער צייט פון דעם מבול האָט די וויסענשאַפט אים פיל געלערנט, און וועט נאָך ווייטער פאַר־גרעסערען זיין מאַכט. און וואָס אַנבעלאַנגט די גרויסע נויטוועדיגקייטען פון שיקזאַל, געגען וועלכען עס איז ניט פאַראַן קיין רפואה, דאָס וועט ער איינפאַך לערנען צו דולדען מיט רעזיגנאַציע. פון וועלכען באַטרעף איז צו אים די אילוזיע פון אַ קעניגרייך אויף דער לבנה, וועמעס איינקונפט איז נאָך קיינמאָל ביי קיינעם ניט געזעהן געוואָרען? אַלס אַן ערליכער אַרבייטער אויף דער ערד וועט ער וויסען ווי צו קולטיווירען זיין שטיק לאַנד אין אַ וועג וואָס זאָל אים קאָנען ערנערען. אַזוי אַרום דורך דעם צוריקציהען זיינע ערוואַרטונגען פון אַ יענער וועלט און קאָנצענטרירענדיג אַלע זיינע באַפרייטע ענערגיעס אויף דיזען ערדליכען לעבען וועט ער וואַר־שיינליך עררייכען אַ צושטאַנד פון זאַכען אין וועלכען דאָס לעבען וועט זיין דערטרעגליך פאַר אַלעמען און קיינער וועט מער ניט זיין אונטער־דריקט ביי דער קולטור. דאַן וועט ער מיט איינעם פון אונזערע אומגלויביגע גענאָסען זיין אימשטאַנד צו זאָגען אָהן חרטה:

לאָמיר לאָזען די הימלען
צו די ענגעלס און די שוואַלבען.

## צענטער קאַפּיטעל

„דאָס קלינגט טאַקע אויסגעצייכענט. אַ ראַסע פון מענשען וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע אילוזיעס און איז דאַדורך געוואָרען אימשטאַנד צו מאַכען זיין עקזיסטענץ אויף דער ערד ערטרעגליך! אָבער איך קאָן ניט טיילען מיט דיר דיינע ערוואַרטונגען. און דאָס איז, ניט דערפאַר וואָס איך בין דער חזיר־קאָפּ רעאַקציאָנער פאַר וועלכען דו נעמסט מיך פיליכט אָן, ניין; עס איז דערפאַר וואָס איך בין אַ פאַרשטענדליכער פער־זאָן. עס שיינט צו מיר אַז מיר האָבען זיך פאַרביטען מיט די ראָלען; דו צייגסט זיך אַרויס צו זיין דער ענטהוזיאַסט, וועלכער ערלויבט זיך צו ווערען אַוועקגעטראָגען ביי די אילוזיעס, און איך שטעל אַרויס די פאָדע־רונגען פון דעם פאַרנונפט, דאָס רעכט צו זיין סקעפּטיש. דאָס וואָס דו האָסט נאָר וואָס באַשטעטיגט שיינט צו מיר צו זיין געגרינדעט אויף טעות'ן, וועלכעס איך קאָן לויט דיין פריערדיגען אָנרופען אילוזיעס ווייל זיי געבען גאַנץ קלאָר אויס דעם איינפלוס פון דיינע וואונשען. דו גיסט זיך איבער צו דער האָפנונג אַז די דורות וועלכע האָבען ניט ערפאַרען דעם

איינפלוס פון דער רעליגיעזער לעהרע אין די פריעסטע קינדער יאָרען ווע־לען לייכט דערגרייכען דעם געוואונשטען פאָרצוג פון דער אינטעליגענץ איבער דעם לעבען פון די אינסטינקטען. דאָס איז זיכער אַן אילוזיע; אין דיזען אַנטשיידענדען פונקט קאָן קוים די מענשליכע נאַטור איבער גע־אַנדערשט ווערען. אויב איך מאַך ניט קיין טעות—מען ווייסט אַזוי ווייניג פון אַנדערע ציוויליזאַציעס—עס זיינען פאַראַנען לייטע זאָגאַר היינט וועלכע ווערען דערצויגען אָהן אַ דרוק פון אַ רעליגיעזען סיסטעם, און קומען דאָך ניט נעהנטער צו דיין אידעאַל דען די אַנדערע. אויב דו ווינשט אויסצושליסען די רעליגיע פון אונזער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע קאָנסטו דאָס נאָר טון דורך אַן אַנדער סיסטעם פון דאָקטרינען, און גלייך פון אָנפאַנג וואָלט ער איבערנעמען די אַלע פּסיכאָלאָגישע כאַראַקטערים־טיקס פון דער רעליגיע, די זעלבע הייליגקייט, שטרייננקייט און אומטאָ־לעראַנץ, די זעלבע פאַרבאָטונגען פון דיינקען און זעלבסט פאַרטיידיגונג. עפּעס פון דיזען סאָרט מוזטו זיך האָבען צו באַרעכטיגען די פאָדערונגען פון בילדונג. ווייל דו קאָנסט ניט אויסקומען אָהן בילדונג. דער וועג פון אַ זויגענדען קינד ביז אַ ציוויליזירטען מענשען איז זעהר אַ לאַנגער; צו פיל יונגע לייטע וואָלטען אַראָפּ בלאָנדזשען און וואָלטען פאַרפעלען אָנ־צוקומען צו זייערע לעבענס אויפגאַבען אין דער באַשטימטער צייט ווען מען וואָלט זיי איבערלאָזען אָהן פירערשאַפט צו זייער אייגענער אַנטוויק־לונג. די דאָקטרינען וועלכע מען באַנוצט אין זייער בילדונג וועט אַלע מאָל באַגרייצען דאָס דיינקען פון זייערע עלטערע יאָרען, פּונקט ווי דו טאַ־דעלסט די רעליגיע פאַר דעם וואָס זי טוט היינט. באַמערקסטו גאָר ניט אַז דאָס איז דער אומאויסגעוואָרצעלטער נאַטירליכער פעהלער פון אונ־זער, פון יעדער, קולטור אָט דאָס וואָס זי לייגט אַרויף אויף דעם קינד, וועלכעס איז געפיהרט ביי זיינע אינסטינקטען און איז אינטעלעקטועל שוואַך, דאָס מאַכען פון ענטשיידונגען צו וועלכען נאָר אַ רייפע אינטע־ליגענץ פון אַ דערוואַקסענעם קאָן טון גערעכטיגקייט? אָבער אַ דאַנק דעם פאַקט וואָס די אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט דורך די צייטען איז קאָנצענטרירט אויף בלויז אייניגע יאָרען פון דער קינדהייט קאָן די קול־טור אַנדערש ניט מאַכען, און עס איז נאָר אַדאַנק דעם עמאָציאָנעלען איינפלוס קאָן עס באַוואויגען ווערען דורכצופירען די אויפגאַבען וועלכע זיינען פאַר דעם באַשטימט. אַלזאָ אָט דאָס איז דער אויסקוק פאַר דיין „פאָרצוג פון דעם אינטעלעקט“.

און איצט זאָלסטו ניט זיין איבעראַשט אויב איך קום אַריין אין

מיטען לטובת דעם אָנהאַלטען פון דעם רעליגיעזען סיסטעם פון לערנען אַלס דער באַזיס פון בילדונג און פון דעם מענשליכען געמיינשאַפטליכען לעבען. עס איז אַ פּראַקטישער פּראָבלעם, און ניט אַ פראַגע פון דער ווירקליכקייטס ווערט. זינט מיר קאָנען ניט, צוליב דעם אָנהאַלטען פון אונזער קולטור, אָפּפּלייגען דאָס באַאיינפלוסען פון דעם אינדיווידועל ביז ער וועט רייף ווערען פאַר קולטור—פילע וועלען סיי ווי דאָס קיינמאָל ניט ווערען—און זינט מיר זיינען פאַרפליכטעט אַרויף צו דריקען עפּעס אַ סיסטעם פון לערנען אויף דעם וואַקסענדען קינד וועלכער זאָל האָבען דעם עפעקט אויף אים פון אַ חק וואָס ערלויבט ניט קיין קריטיציזם, זעהט דאָס אויס צו מיר אַז דער רעליגיעזער סיסטעם איז ווייט דער צוגעגנגליכסטער פאַר דיזען צוועק; און געוויינליך טאַקע צוליב אָט דער אייגענשאַפט—איר מאַכט פאַר וואונש־ערפילונגען און טרויסטונג—דורך וועלכער, לויט דיין באַהויפּטונג האָסט זי אַנערקענט אַלס אַן „אילוזיע“. אין אָנזעהן פון די שוועריגקייטען צו אַנטדעקען עטוואָס וועגען דער ווירקליכקייט, געוויס עס איז אַ צווייפעל אויב עס איז גאָר אינגאַנצען מעגליך פאַר אונז, מוזען מיר ניט פאַרזעהן דעם פאַקט אַז די מענשליכע באַדערפנישען זיינען אויך אַ טייל, און ווירקליך אַ וויכטיגער טייל, פון דער ווירקליכקייט, און אַזעלכער וועלכער אינטערעסירט אונז באַזונדערס גאַנץ שטאַרק.

„איך געפין אַן אַנדער פאַרצוג פאַר דער רעליגיעזער דאָקטרין אין איינער פון אירע אייגענטימליכקייטען, פאַר וועלכען דו זעהסט אויס צו מאַכען אַ באַזונדערען אויסנאַם. עס לאָזט צו אַן אידייאישע ראַפינירונג און לייטערונג, דורך וועלכען מען קאָן זי אויסשיילען פון די מערסטע פון יענע שפּורען פון דעם פּרימיטיווען און קינדערשען וועג פון דיינקען וועלכע זי ענטהאַלט און וואָס עס בלייבט דאַן איז אַ סיסטעמע פון אידייען וועלכע די וויסענשאַפט ווידערשפּרעכט ניט מער און וועלכע זי קאָן ניט אָבווייזען. דיזע מאָדיפיצירונגען פון דער ריליגיעזער דאָקטרין, וועלכעס דו האָסט פאַרדאַמט אַלץ האַלבע מאָסען און קאָמפּראָמיסען, מאַכען עס מעגליך איבערצולייגען אַ בריק איבער דעם אָבגרונד פון צווישען די אומגעבילדעטע מאַסען און דעם פילאָסאָפישען דיינקער, און—צו אויפהאַלטען די געמיינשאַפטליכע פאַרבינדונג צווישען זיי וועלכעס איז אַזוי וויכטיג פאַר דער באַשיצונג פון דער קולטור. מיט דעם וועסטו מער ניט דאַרפען מורא האָבען טאָמער וועט דער אָרעמער מענש אַנטדעקען אַז די אויבערשיכטע פון דער געזעלשאַפט „גלויבט ניט מער אין גאָט“. איך דיינק אַז איך האָב שוין ביז איצט באַוויזען אַז דיין באַמיהונג באַגרייניצט זיך

זעלבסט צו דעם פאַרזוך צו פאַרבייטען אַ דערוויזענע און עפעקטיש ווערט־פולע אילוזיע פאַר איינער וואָס איז ניט דערוויזען און אָהן אַן עפעקטישען ווערט.“

דו וועסט מיך ניט געפינען אונצוגענגליך צו דיין קריטיציזם. איך ווייס ווי שווער עס איז צו פאַרמיידען אילוזיעס; פיליכט זיינען אַפילו די האָפנונגען צו וועלכע איך האָב צוגעשטימט פון אַן אילוזיאָנען כאַראַקטער. אָבער איך האַלט זיך שטאַרק ביי דעם איינעם אונטערשייד. מיינע אילוזיעס—אַחוץ דער פאַקט וואָס קיין שטראָף ווערט ניט אַרויפגעלייגט פאַר ניט נעמען קיין אנטייל אין זיי—זיינען ניט, ווי די רעליגיעזע, אומפאַסענד פאַר אויסבעסערונג, זיי האָבען ניט קיין דיליאָזיאָנען כאַראַקטער. אויב דערפאַרונג זאָל דערווייזען—ניט צו מיר, נאָר צו אַנדערע נאָך מיר וועלכע דיינקען ווי איך—אַז מיר מאַכען אַ טעות, דאַן וועלען מיר אויפגעבען אונזערע ערוואַרטונגען. נעם מיין באַמיאונג פאַר דעם וואָס עס איז. אַ פּסיכאָלאָג, וועלכער נאַרט זיך אַליין ניט וועגען דער שוועריגקייט פון צו געפינען זיינע אויפגאַבען אין דיזער וועלט, שטרעבט צו באָאָבאַכטען די אַנטוויקלונג פון דער מענשהייט אין צוזאַמענקלאַנג מיט דעם אָנבליק וועלכען ער האָט געוואונען פון דעם שטודירן די גייסטיגע פּראָצעסען פון דעם אינדיווידועל דורך זיין אַנטוויקלונג פון קינדהייט צו מענליכקייט. אין דיזער פאַרבינדונג צווינגט זיך די אידייע אַליין אַרויף אויף אים אַז די רעליגיע איז פאַרגלייכבאַר צו אַ קינדהייט ניאָראָסיס, און ער איז אָפּטימיסטיש גענוג צו באַהויפּטען אַז די מענשהייט וועט איבערקומען דיזע ניאָראַטישער פאַזע, פּונקט ווי אַזוי פיל קינדער וואַקסען אַרויס פון זייער עהנליבער ניאָראָסיס. דיזע שטיקלעך פון וויסען פון דער אינדיווידועלער פּסיכאָלאָגיע מעגען זיך זיין מאַנגעלהאַפט, זייער אַפּליקאַציע צו דער מענשליכער ראַסע אונבאַרעכטיגט, דער אָפּטימיזם אָהן אַ פונדאַמענט; איך גיב דיר צו די אומבאַוואוסטקייט פון דיזע אַלע זאַכען. אָבער אָפט קאָנען מיר זיך ניט צוריקהאַלטען פון צו זאָגען דאָס וואָס מיר דיינקען, ענטשולדיגען זיך זעלבסט אויף דעם גרונד דאָס עס איז געגעבען פאַר ניט מער ווי עס איז ווערט.

און עס זיינען פאַראַנען צוויי פּונקטען אויף וועלכע איך מוז זיך אָפּשטעלען אַביסעל לענגער. דער ערשטער, די שוואַכקייט פון מיין פּאָזיציע באַדייטעט נאָך ניט קיין שטאַרקייט פאַר דיינער. איך דיינק אַז דו פאַרטיידיגסט אַ פאַרלאָרענעם פּראָצעס. מיר מעגען באַשטעטיגען

וויפיל מיר ווילען אַז דער מענשליכער אינטעלעקט איז שוואַך אין פּאַרגלייך מיט די מענשליכע אינסטינקטען און מיר וועלען זיין גערעכט מיט אַזאַ האַנדלונג. אָבער דאָרט איז פונדעסטוועגען עפּעס זאָנדערבאַר וועגען דיזער שוואַכקייט. די שטימע פון דעם אינטעלעקט איז אַ ווייכע, אָבער זי טוט ניט רוהען ביז זי דערגרייכט אַן אויסהערונג. און ענדליך, נאָך אונצעליגע ווידערהאָלטע אַנטזאַגונגען מאַכט זי דאָך ערפאָלג. דאָס איז איינער פון די ווייניגע פּונקטען אין וועלכען מען קאָן זיין אָפּטימיסטיש וועגען דער צוקונפט פון דער מענשהייט, אָבער אַליין איז דאָס פון אַ קליינער באַדייטונג. און מען קאָן דאָס מאַכען פאַר אַן אָנפאַנגס־פּונקט נאָך פאַר אַנדערע האָפנונגען. דער פּאָרדראַנג פון דעם אינטעלעקט ליגט טאַקע געווים אין דער ווייטער, ווייטער, אָבער דאָך וואַרשיינליך ניט אונענדליכער, ווייטקייט. און אַזוי ווי דאָס וועט זיך וואַרשיינליך שטעלען די זעלבע צילען וועלכע דו ערוואַרטעסט אַז זיי זאָלען זיך רעאַליזירען דורך דיין גאָט—געוויינלאַך, אינערליך די מענשליכע גרעניצען, און אַזוי ווייט ווי די אויסערע ווירקליכקייט Avaykn* ערלויבט דאָס—די ברודערשאַפט פון דעם מענשען און דאָס פאַרקלענערען פון די ליידען, מעגען מיר זאָגען דאָס אונזער געגנערשאַפט איז נאָר אַ צייטווייליגע און ניט אַן אומאויסגלייכבאַרע. מיר פאַרלאַנגען די זעלבע זאַכען, אָבער דו ביזט מער אומגעדולדיג, מער פּאָדערענד, און—וואַרום זאָל איך דאָס ניט זאָגען—מער עגאָאיסטיש ווי איך און אַזעלכע ווי איך. דו וואָלסט וועלען האָבען אַז דער שטאַנד פון גליקזעליגקייט זאָל זיך אָנפאַנגען גלייך נאָכ'ן טויט; דו פאַרלאַנגסט דערפון דאָס אוממעגליכע, און דו ווילסט ניט אָפּטרעטען די פּאָדערונג פון דעם אינדיווידועל. פון דיזע פאַרלאַנגען וועט אונזער גאָט ' Aoyos* רעאַליזירען יענע וועלכע די אויסערע נאַטור ערלויבט, אָבער ער וועט דאָס טון זעהר גראַדענווייז, נאָר אין דער ווייטסטער צוקונפט און פאַר אַנדערע מענשליכע קינדער. באַלוינונג פאַר אונז, וועלכע ליידען שמערצליך פון דעם לעבען, זאָגט ער ניט צו. אויף דעם וועג צו דיזען ווייטען ציעל וועט מען דאַרפען דיינע רעליגיעזע דאָקטרינען אָפּוואַרפען, עס מאַכט ניט אויס אויב די ערשטע פאַרזוכען וועלען זיך ניט איינגעבען, אָדער אויב די ערשטע סאָבסטיטוט—פּאָרמירונגען וועלען זיך אַרויסווייזען צו זיין אומשטאַנדהאַפט. דו ווייסט פאַרוואָס; אין דעם ווייטען לויף קאָן קיין זאַך ניט ווידערשטעהן דעם פאַרנונפט און דער־

*The twin gods Avaykn - Aoyos of the Dutchman Multatuli.

פאַהרונג, און דער ווידערשפרוך וואָס די רעליגיע אָפפערט ביידען איז נאָר צו דייטליך. ניט אַפילו די גערייניגטע רעליגיעזע אידייען וועלען אויסמיידען דיזען שיקזאַל, אַזוי לאַנג ווי זיי פרובירען נאָך צו פאַרהאַלטען עטוואָס פון דעם רעליגיעזען טרויסט. געוויס, אויב דו באַריינצט זיך צו דעם גלויבען אין אַ העכערען ספּיריטועלען וועזען, וועמעס אייגענשאַפטען זיינען אומדערקלערבאַר און וועמעס אַבזיכטען מען קאָן ניט באַאורטיילען, דאַן ביזטו געזיכערט געגען דער אַריינמישונג פון דער וויסענשאַפט, אָבער דאַן וועסטו אויך פאַרלאָזען די אינטערעסען פון די מענשען.

און צווייטענס: באַמערק דעם אונטערשייד צווישען דיין שטעלונג צו אילוזיעס און מיינער. דו דאַרפסט פאַרטיידיגען די רעליגיעזע אילוזיע מיט דיין גאַנצען כח; אויב זי זאָל ווערען דיסקרידיטירט—און צו זעהן זי איז פיל געדראָהט—דאַן וואָלט דיין וועלט צוזאַמענגעפאַלען, עס וואָלט דאַן פאַר דיר גאָר ניט געבליבען ווי נאָר צו פאַרצווייפלען פון יעדער זאַך, פון דער קולטור און פון דער צוקונפט פון דער מענשהייט. פון דיזער פאַרפליכטונג בין איך, מיר זיינען, פריי. זינט מיר זיינען צוגעגרייט זיך אָפּצוזאָגען פון אַ גרויסען טייל פון אונזערע קינדערשע פאַרלאַנגען. מיר קאָנען דאָס דערטראָגען אויב אייניגע פון אונזערע דערוואַרטונגען וועלען זיך אַרויסצייגען צו זיין אילוזיעס.

די בילדונג, באַפרייט פון דעם יאָך פון די רעליגיעזע דאָקטרינען, וועט פיליייכט ניט עפעקטען קיין גרויסע פאַרענדערונג אין דעם מענשענס פסיכאָלאָגישער נאַטור; אונזער גאָט „לאָגאָס" איז פיליייכט ניט זעהר אַ שטאַרקער; ער קאָן נאָר ערפילען אַ קליינעם טייל פון דעם וואָס זיינע פאָרגענגערס האָבען פאַרשפּראָכען. אויב מיר דאַרפען דאָס אַנערקענען, וועלען מיר דאָס טון מיט רעזיגנאַציע. מיר וועלען דערביי ניט פאַרלירען אונזער אינטערעס אין דער וועלט און אין לעבען, ווייל מיר האָבען אין איין רעספּעקט אַ זיכערע אונטערשטיצונג וועלכע דו האָסט ניט. מיר גלויבען אַז עס איז מעגליך פאַר דער וויסענשאַפטליכער אַרבייט צו אַנטדעקען עטוואָס וועגען דער ווירקליכקייט פון דער וועלט דורך וועלכען מיר קאָנען פאַרגרעסערן אונזער מאַכט און לויט וועלכען מיר קאָנען רעגולירען אונזער לעבען. אויב דיזער גלויבען איז אַן אילוזיע, דאַן זיינען מיר אין דער זעלבער פּאָזיציע ווי דו, אָבער די וויסענשאַפט האָט אונז באַוויזען דורך פילע און וויכטיגע ערפאָלגען אַז עס איז ניט קיין אילוזיע. די וויסענשאַפט האָט פילע אָפּענע, און נאָך מער פאַרבאָרגענע, שונאים צווישען יענע

וועלכע קאָנען איר ניט פאַרגעבען פאַר דעם שוואַך מאַכען דאָס רעליגיעזע גלויבען און פאַר דעם סטראַשען אינגאַנצען דאָס צו פאַרניכטען. לייטע טאַדלען איר פאַר דעם קליינעם באַטרעף וואָס זי האָט אונז געלערנט און פאַר דעם אומפאַרגלייכבאַרען גרעסערען באַטרעף וואָס זי האָט איבער געלאָזט אין דער פינסטער. אָבער דאַן פאַרגעסען זיי ווי יונג זי איז, ווי שווער עס זיינען אירע אָנפאַנגען, און ווי אונענדליך קליין עס איז דער רוים פון דער צייט זינט דער מענשליכער אינטעלעקט איז געוואָרען שטאַרק גענוג פאַר די אויפגאַבען וואָס זי האָט אים אוועק געשטעלט. טוען מיר ניט אַלע איין אומרעכט אין דעם וואָס די פעריאָדען פון דער צייט וועלכע מיר מאַכען אַלס דעם באַזיס פון אונזערע אורטיילען זיינען פון צו אַ קליינעם דויער? מיר וואָלטען דאַרפען נעמען אַ ביישפּיל פון דעם געאָלאָג. לייטע באַקלאָגען זיך אויף דער אומפאַרלעסליכקייט פון דער וויסענשאַפט, אַז זי פּראָקלאַמירט אַלס אַ געזעץ היינט וועלכעס דער נעקסטער דור וועט אַנערקענען פאַר אַ טעות און עס וועט פאַרביטען ווערען פאַר אַ נייעם געזעץ פון אַ גלייכערוויזע קורצער דויערהאַפט. אָבער דאָס איז ניט ריכטיג און טיילוויז ניט אמת. די אומבילדונג פון די וויסענשאַפטליכע אידייען איז אַ פּראָצעס פון אַנטוויקלונג און פּראָגרעס, און ניט פון רעוואָלוציע. אַ געזעץ וואָס איז פון אָנפאַנג געוואָרען אָנגעהאַלטען צו זיין אוניווערסאַל שטאַרק און גילטיג איבערצייגט זיך צו זיין אַ ספּעציעלער פאַל פון אַ מער באַגרייפליכען געזעץ, אָדער זיין צוועק איז באַגרעניצט ביי אַן אַנדער געזעץ וואָס ווערט ערשט שפּעטער אַנטדעקט; אַ זאַך וואָס איז ניט גענוי נאָהנט צום אמת ווערט פאַרביטען פאַר אַן אַנדערער מער פּאָרזיכטיגער צוגעריכטעטער, וועלכע ערוואַרטעט אין איר רייע צו פאַר־ביטען ווערען פאַר אַ ווייטערער דערגרייכונג צו דער פאָלקאָמענהייט. אין עטליכע ספערען האָבען מיר נאָך ניט איבערגעשטיגען די פאַזע פון אונ־טערזוכונג אין וועלכער מיר פּרובירען היפּאָטעזיסען וואָס דאַרפען באַלד צוריק געוואָרפען ווערען אַלס ניט פאַסענד; אָבער אין אַנדערע האָבען מיר שוין אַ פאַרזיכערטען און כמעט אומפאַרענדערליכען שורש פון וויסען. ענדליך איז געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך צו דיסקרעדיטירען ראַדיקאַל דאָס וויסענשאַפטליכע באַשטרעבונג אויף דעם סמך וואָס, ווי צוגעבונדען עס איז צו די אומשטענדען פון אונזער אייגענער אָרגאַניזאַציע, קאָן דאָס דאָך ניט געבען אַחוץ סוביעקטיווע רעזולטאַטען, ווייל די ווירקליכע נאַ־טור פון זאַכען אויסערליך פון אונז, בלייבט אונצוגענגליך צו איר. אָבער דאָס מיינט ניט צו אַכטען עטליכע פאַקטאָרען פון אַנטשיידענדער וויכ־

טיגקייט פאַר דעם פאַרשטעהן פון דער וויסענשאַפטליכער אַרבייט. ערשטענס, אונזער אָרגאַניזאַציע, ד. ה. אונזער גייסטיגער אַפּאַראַטוס, איז אַקטועל אַנטוויקעלט געוואָרען דורך דעם פאַרזוך אויסצופאָרשען די אויסערע וועלט, און דאַריבער האָט זיך געמוזט רעאַליזירען אין זיין סטרוקטור אַ געוויסע מאָס פון געהעריגקייט; צווייטענס, ער אַליין איז אַ צוזאַמענגעזעצטער טייל פון דער וועלט וועלכע מיר דאַרפען אונטערזוכען; דריטענס, די אויפגאַבע פון דער וויסענשאַפט איז גענצליך באַשריינקט אויב מיר באַגריינצען איר נאָר צו דעם ווייזען ווי די וועלט וועט ערשיינען צו אונז אין קאָנסעקווענץ פון דעם זאָנדערבאַרען כאַראַקטער פון אונזער אָרגאַניזאַציע; פערטענס, די לעצטע דערפינדונגען פון דער וויסענשאַפט, שוין צוליב דעם וועג דורך וועלכען זיי זיינען דערגרייכט זיינען קאָנדיציאָנעל ניט נאָר ביי אונזער אָרגאַניזאַציע נאָר אויך ביי דעם וואָס עפעקטעט דיזע אָרגאַניזאַציע; און ענדליך, דער פּראָבלעם פון דער נאַטור פון דער וועלט אָהן ריקזיכט פון אונזער פילענדען גייסטיגען אַפּאַראַטוס איז אַ לעדיגע אַבסטראַקציע אָהן פּראַקטישען אינטערעס.

ניין, די וויסענשאַפט איז ניט אַן אילוזיע. אָבער עס וואָלט זיין אַן אילוזיע צו דיינקען אַז מיר וואָלטען קאָנען קריגען ערגעץ אַנדערש דאָס וואָס זי קאָן אונז ניט געבען.